# ה. רויזנבלאט.

# מיין ליכטיקע נסיעה




פארלאג · ל · מ · שטיין · שיקאגא

אינהאַלט

אַ ליד וועגן זיך אַליין — א

## א—אַ סטעזשקע אין וואַלד

דאָס וואָרט — 11
אַ באַיקע — 12
אַ זון מיט אַ רעגן — 15
דריי רייטפערד — 16
דער ברונעם קוועלט פונסניי — 17
דעמערונג — 18
פלאַקס — 20
אַ מעשהלע פאַרן שלאָף — 21
מיין ליכטיקע נסיעה — 22
ווערבעס — 23
טריט אַפן זאַמד באַם ברעג פון ים — 25
אַ קרעטשמע — 27
סעפטעמבער ליכט — 28
רגעס — 29
ברויט מיט מילך — 30
אַף דעם טויט פון אַ שיינער פרוי — 32
רייט, מיין רייטפערד, רייט! — 33
דריי זאַנגען רויך — 34

## ב—מאַרצאָווע ווינטן

איך זאָג אַזוי — 37
דריי באַנדורעס — 38
דאָס פרעמדע ליד — 41
לחיים! — 43
פון טיפן ברונעם — 45
מאַרצאָווע רעגן — 46
אַ מעשה מיט אַ זייגער — 48
וויגליד — 49

א י נ ה אַ ל ט


אין דיין האַנט — 52
מיט דיר — 53
ברויט — 54
דער ריח פון ערד — 56


## ג—מאָנונג


דאָס ייִדישע אות — 59
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט" — 60
אונדזער פירער — 63
דער שאָטן פון איש קריות — 65
איך האָב געוויינט אַ גרויס געוויין — 67
איך דעק מיין פנים אָפּ — 69
איך האָב געוויינט און בישט געהערט מיין אייגן קול — 70
ישראל דאַכאוער אָפן טהרה־בעט — 71
שוואַרצע פליגלען איבער מיר — 73
תפלה — 74
דאָס ערגסטע פון דער תוכחה — 75
אַ ידידי ברייוועלע פון דרהיים — 76
דער רייטער, דער ווייטער — 78


## ד—שכנישע הויפן


„גרעינד־פּאַ" טימאַטהי מעק׳גי — 83
On the Road to Mandalay — 89
נאַראַזשאַס חלום — 92


## ה—מעשהלעך און באַלאַדן


אַ געשיכטע וועגן אַ שטאָט, וואָס אַ מכשף, אַ לץ, האָט געמאַכט — 99
אַ מעשה וועגן אַ באַרישן קיניג און אַ כיטרען בעטלער — 104
דער אָרעמאַן און די גאָלדענע שלאַנג — 108
דריי בעטלער מיט איין אויג — 114

א י נ ה אַ ל ט


דער קינזשאַל — 116

טשאַרלי מעקאַרטי דערמאָנט זיך — 117

## ו—מיססיסיפּי

דער בונט פון איינעם — 123

אַ נעגער־יונג אין זאַמד — 139

פּיקעניני — 141

באַם מיססיסיפּי־ריווער־ברעג — 143

איזעקל איז אַ מאָרד באַגאַנגען — 144

## ז—מיטן פּנים צו דער ערד

דער זינגער פון פאָלק — 147

תּם מה הוא אומר — 148

דער גלגול — 150

נעמען — 152

די שוועל פון פוסטן הויז — 153

אַזויפיל אומעט — 155

דאָס ליד פון סגי־נהור — 156

נאָכן זאַמד־שטורעם — 157

דער שוואַרץ־זעער — 158

פּאַרשפּעקטיקטע געסט — 159

שטילע נאַכט — 160

## ח—גאָלדענער מערב

מאַהאַווע — 163

גאָטס גאָב — 165

וואָס וויינט דער רעגן ? — 166

ווינטער אין די סאַן בערנאַרדינער בערג — 67

בערג, ווי גרינע פּאַוועס — 168

די זון גייט אונטער — 169

ווי אַ תּפילה — 170

# אַ ליד וועגן זיך אַליין

געבראַכט האָט הערש ריסאַשער חיימלען אין „גאָלדן-לאַנד״,
ווי אַ גוי, להבדיל, ברענגט צו שלעפּן אַפן קאַרק,
פון נאָנטן דאָרף אין שטאָט אַריין, אַ ענדיק אין אַ זאַק,
וואָס ער האָט אויסגעכאָוועט צום פאַרקויפן אַפן מאַרק.

פאַרקויפן חיימלען, — ווייל הערש ריסאַשער דווקא ניט.
דער אינגל איז בא אים דאָס אויג אין קאָפּ, —
אפילו פאַר דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס וואַלגערט זיך בא זיי
אין אַלע גאַסן, — ווען מע גילט אים אָפּ!

האָט חיימעל אפילו, ווי דער ווילדער ענדיק, אויסגעזוכט
אַ לאָך אין זאַק, און האָט אַרויסגעשטעלט
דאָס בלאָנדע קעפּל, און מיט זשעדנע אייגלעך, שרייטלדיק,
געטאָן אַ נאָש פון גאָטס געבענטשטער וועלט.

עס קומען אים אַנטקעגן — פעלדער, וועלדער, טייכן, בערג;
באַטראַכטן אים, און היפּן שמייכלענדיק פאַרביי.
ער זעט: אַ פּויער טרייבט אַ קו, דאָס קעלבל גייט איר נאָך.
דער פּויער איז דער אומעטיקסטער פון די דריי.

ער הערט דאָס ברומען פון די טעלעגראַף-סלופּעס איבער אים;
דאָס ליסטיקע געלעכטער פון אַ וואַסערקוואַל, אין טאָל;
דאָס קרעכצן פון די פורן אַף די הרודעס פון דעם שליאַך,
און ווי די פינצטערע וואָראָנעס שילטן אַף אַ קול.

ער זעט, — ווי בלויע טויבן לויפן נאָך דעם ווייסן ווינט,
און ווי דער שטויב יאָגט נאָך זיך נאָכן שליאַך;
ער זעט, ווי ברוינע וואָלקנס שלאָגן אָן זיך אָן די בערג,
און ס׳צינדט זיך אָן דער הימל, ווי אַ שטרוינער דאַך.

עס דונערט און עס בליצט! . . . און פּלוצלים טוט דער ווינט,
מיט נאַסע פינגער, אים אַ קניפּ אין באַק.
— משמעות, אַז עס רעגנט, טראַכט זיך חיימעל, און כאַפּט אַריין
דאָס בלאָנדע קעפּל זיינס צוריק הינטערן זאַק.

אין זאַק איז טאַקע פינצטער, אָבער טרוקן פאַרט.
אינדרויסן טוט זיך חושך! און עס רעגנט שטאַרק.
ער דרימלט איין. ער שלאָפט, און אַז ער כאַפּט זיך אויף, —
איז ער שוין מיט דעם טאַטן אָפן מאַרק.

ער שטעקט אַרויס פון זאַק דאָס בלאָנדע קעפּל זיינס —
מע דינגט זיך און מע האַנדלט, און מע לויפט!
אַ גוי, וואָס הייסט **קאָלאָמבוס**, האָט דעם טאַטן, חיימלען —
אינאיינעם מיטן זאַק, — במחילה, אָפּגעקויפט.

און הערש ריסאָשער ווערט אַ מאַנטל-פרעסער בּאַ **קאָלאָמבוסן**,
און חיימעל — פאַרסטריגע-ציער אינם זעלבן שאַפּ.
דער טאַטע כאַפּט אַ רויט-צעגליט שטיק אייזן אין דער האַנט,
און טוט מיט דעם אַן טיש אַזאַ מין מוראדיקן קלאַפּ, —

אַזש אַלע פענצטער שפּרינגען שיעור אַרונטער פון די ווענט —
דער טאַטע איז געווען אַ מילנער אין דער היים;
איז איבער זעקס פוס הויך, און האָט צוויי אָדערדיקע הענט,
ווי סוקעוואַטע צווייגן פון אַן אַלטן דעמבע-בוים.

איצט שטייט ער מיט אַ רויט-צעגליטן פּרעסל אינם פויסט,
און פויקט דערמיט פון אינדערפרי ביז שפּעט בּאַנאַכט —
פאַרשרפעט ווערן זאָל **קאָלאָמבוס**! וואָסער תכלית ער האָט דאָס
פון הערש ריסאָשער, אין אַמעריטשקע, געמאַכט!?

געהאַט אַמאָל, — אַ מיל, אַ טייך, אַ בּריק, אַ וואַסער-ראָד,
און זיבּע שווערע שטיינער, וואָס איעדער שטיין
געוואויגן האָט, אַן גוזמא, — דרייצן, אָדער אַכצן פוד.
דאָס האַרץ ווערט חיימלען צעריסן פון געוויין,

צו זען דעם טאַטן, ווי ער שטייט און האַקט און בּראָקט —
דאָס גאַנצע פּרעסל, מ'שטיינס געזאָגט — אַ „פּיראָזשאָק" די גרייס —
דעם מילשטיין אויסגעבּיטן אָף אַ רויט-צעגליטן „טשוואָק";
דעם בּרייטן טייך, — אָף מוטנע ריקעם שווייס.

און חיימעל, — ער ציט פֿאַרסטריגעס פֿון באַגינען ביז באַנאַכט.
שוין זיצנדיק אין שאָפּ, פֿאַרכאַפּט ער אין זיין שוים
דאָס ערשטע בינטל שטראַלן פֿון דער זון; אין שאָפּ, באַנאַכט —
די שטערן אַף דער שויב, בשעת זיי גייען אוים . . .

די שטראַלן פֿון דעם גאָלדענעם פֿאַרטאָג האָט אויסגעביטן חיימעל
אַף נאַרישע פֿאַרסטריגעס, וואָס ער ציט און ציט; —
אַף פֿלעכטלעך וואַטע, שפּינוועבס, פֿליגן, שטויב און רויך,
האָט אויסגעביטן חיימעל פֿון דאָרף דעם קאַרשן-צוויט.

— פֿאַרקויפֿט דעם טאַטן, חיימלען, אינאיינעם מיט דעם זאַק,
פֿאַר אַ פּרוטה מיט אַ לעכל, אַף דעם נאַרישן יאַריד.
פֿון מידקייט שלאָפֿט ער איין. ער דרימלט און אים חלומט זיך —
באַ אים אין האַרצן בליט פֿאַנאַנדער זיך אַ ליד!

ער כאַפּט זיך צו צום דרימל . . . חלומט, כאַפּט זיך אויף —
אָ, טאַטע, טאַטע! הער אויף קלאַפּן! לאָז זיין שטיל!
עס שפּראָצט באַ מיר אין האַרץ אַ ליד . . . אַ תיקון אפשר? . . . האַ?!
פֿאַר מיר, פֿאַר דיר; — פֿאַר אונדזער אַלטער וואַסער-מיל?!

***

דעם טאַטנס רויט-צעגליט שטיק אייזן — קאַלט, און קלאַפּט ניט מער.
און דער פֿאַרסטריגע-ציער, חיימעל, איז — מיד.
דער טייך דער ברייטער, אָבער, ציט נאָך אַלץ צום ווייטן ים;
די פֿרייד, דער טרויער פֿון דער וועלט — צום ליד.

# א — אַ סטעזשקע אין וואַלד

דאָס וואָרט
אַ באַיקע
אַ זון מיט אַ רעגן
דריי רייטפערד
דער ברונען קוועלט פונסניי
דעמערונג
פלאַקס
אַ מעשהלע פאַרן שלאָף
מיין ליכטיקע נסיעה
ווערבעס
טריט אַפן זאַמד באַם ברעג פון ים
אַ קרעטשמע
סעפטעמבער־ליכט
רגעס
איינדרימלעניש
אַפן טויט פון אַ שיינער פרוי
רייט, מיין רייטפערד, רייט
דריי זאַנגען רויך

# דאָס וואָרט

זיי האָבן אוצרות אָפּגעשפּאָרט,
און ער, דער נאַר — אַ ליכטיק וואָרט!

עס לאַכט די וועלט: — וואָס וויל דער נאַר!
עולם־הבא קויפן זיך דערפאַר?!

און ער, דער נאַר — באַם פענצטער זיצט,
נאַכט איין, נאַכט אויס, און פיילט, און שניצט,

און שלייפט דאָס וואָרט — געלייטערט, קלאָר; —
זיין וואָרט דאַרף זיין דאָס ליכט פון דור!

נאַר איינמאָל כאַפּט זיך אויף די וועלט,
פון שלאָף — דער נאַר, באַם פענצטער, פעלט!

עס זיפצט די וועלט: — דו נאַר, דו נאַר!
פאַרגעסנקייט וועט זיין דיין שכר!

נאַר — וואונדער! ס'איז אַ נס געשען:
זי האָט אינמיטן נאַכט דערזען —

דאָרט, וואו דער נאַר פלעגט זיצן — ברענט
אַ ליכט, און זי האָט דאָס דערקענט...

דער נאַר — נישטאָ שוין אַף זיין אָרט,
דאָך שטראַלט אין פענצטער העל זיין וואָרט!

די וועלט, די קלוגע, שטייט און גאַפט: —
דאָס האַרץ, וואָס גלויבט — ווי גאָט באַשאַפט!

אַליין — פון ערד, אַ גוף־געפעס,
דאָס וואָרט זיינס, אָבער — ליכט און נס!

# אַ באַיקע

איך בין דיין זון, דעם מילנערס זון,
און פּראָסט ווי דו און דיינע.
מיין לשון ברייט — פּאָדאָליער סטעפּ,
און פּשוט, ווי אוקראַינע.

איך בין דיין פלייש און בלוט, און קען
פון דיר זיך ניט באַפרייען.
דאָס לעבן מיינס — אַ וואַסער־מיל,
דאָס ליד מיינס — ברויט מיט קלייען.

מיין מאַמע — פון אַ שטעטלשער,
פאַראָרעמטער משפחה:
איז קלוג און שיין; וואוילקענעוודיק,
נאָר — ווינציק מזל־ברכה.

דאָס דאָרף, די דאָרפסלייט קען זי ניט
כאָטש סובל זיין אַביסל:
מע עסט מיט לעפל הילצערנע,
און אַלע פון איין שיסל.

און זי האָט מיטגעבראַכט פון דרהיים
ראָמאַנען אַף צום לייענען.
איז פלעגט זי זיצן דורך די נעכט,
זיי בלעטערן און וויינען.

עס פלעגן טאַטע־מאַמע אָפּט
זיך קריגן, וועלן גטן —
פלעג איך אַ כליפּע טאָן, און אויס —
מע פלעגט זיך איבערבעטן.

און איך בין גראָטן גאָר אַסך
אין איר, עליה השלום: —
איך קריג זיך מיט מיין מזל אָפּט
און בעט זיך איבער — שלום!

מײַן זײדע, מיר צו לאַנגע יאָר —
אַ הױכער ייִד, אַ ברײטער.
צו נײַן־און־אַכציק פֿלעגט ער נאָך
זיך דראַפּען אױפֿן לײטער:

האָט אױפֿן בױדעם ליב, באַטאָג,
צו כאַפּן דאָרט אַ דרימל:
אַ — חלום טאָן: נישט װײַט פֿון דרערד,
און נענטער פֿאַרט צום הימל . . .

און איך האָב אײַנגעגעבן זיך
אָן אים, עליו השלום:
מײַן װעלט — אַ לײטער־קריכעניש,
מײַן גליק — אַ בױדעם־חלום.

מײַן באָבע האָדל איז געװען
אַ פֿרומע און אַ שטילע.
צומאָל קײן דאַװנען נישט געקענט,
קײן טײַטש־חומש אפֿילו.

צו אַכציק פֿלעגט זי נאָך אַלײן
אַ דײזשע ברױט פֿאַרקנעטן,
און אױפֿגײן פֿלעגט דאָס טײג, װי שױם,
און ברױטעלעך — בוקעטן!

דעריבער, װען די נאַכט איז בלױ
און שטערן פֿול דער הימל —
פֿאַרשמעקט מיר סטעפּ, אוקראַינע, דאָרף —
דער באָבעס ברױט מיט קימל.

מײַן פֿעטער בעריש איז געװען
אַ פֿישער אַלע יאָרן.
פֿלעגט כאַפּן פֿיש און פֿלעגט מיט זײ
אױף די יאַרידן פֿאָרן.

אַמאָל האָט ער פון שיפל זיך
צום נעץ אַראָפּגעבויגן,
האָט אַ רוסאַלקע פאַרן באָרד
אים אין טייך אַריינגעצויגן . . .

און איך, ווי פּעטער בעריש, טרייב
זיך אום אַף מוטנע טייכן —
מיין שיפל שווער, מיין נעץ איז לער,
און די רוסאַלקעס — ווייכן . . .

נאָר האָפן האָף איך — איך וועל מיין
רוסאַלקע נאָך געפינען — — —
מיין שיפל — שאָטן־גרינג און לער —
וועט שווימען, שווימען, שווימען.

# אַ זון מיט אַ רעגן

עס רויטלט די זון זיך, און ס׳רעגנט.
דער שטאָט גייען וואָלקנס אַנטקעגן.
אין גאַס טאַנצן קינדערלעך, באָרוועס,
און זינגען: „אַ זון מיט אַ רעגן״.

צום הימל די נאַקעטע הענטלעך;
די דורשטיקע אויגן און ליפּן; —
זיי זופּן דעם זילבערנעם רעגן,
וואָס זיפּט זיך דורך זיידענע זיפּן.

עס זיצן בײַ אָפענע פענצטער
די גרויסע — פאַרבענקטע און שטילע:
אַרויסגיין אין גאַס אָפּן רעגן,
און נאַס ווערן — חס־וחלילה!

איז זיצן זיי לעבן די פענצטער,
און שמייכלען: — מע דאַרף זיי ניט שטערן . . .
אָט — זאָלן זיי שטיפן: דער רעגן
ווערט סיי ווי סיי לאַנג ניט געווערן.

•

# דריי רייטפערד

אַ ציגײנערין, אַ שעלמאַ,
האָט מיך נעכטן, שפּעט אין אָונט,
פאַר איר שוועל פון צעלט פאַרהאַלטן: —
אין די רונצלען פון דיין האַנטפלאַך,
ליגט אַ סוד פאַר דיר באַהאַלטן.

אין איר האַנט, דער הייסער, ציטערט,
צאַפּלט מיינע, צוקט און שרעקט זיך.
— רואיק, פרעמדער, וואַרט אַ רגע . . .
שוין! דער סוד האָט מיר אַנטפּלעקט זיך:

— ווילדע, פלינקע רייטפערד דריי,
זע איך דורך דער נאַכט דער בלויער,
טראָגן זיך פאַר מיר פאַרביי.

— כ'זע דאָס ערשטע רייטפערד יאָגן —
אַזאַ ליכטיקן, אַ ווייסן —
ווי דער זייף־שוים אַף די ליפּן,
פון דעם אַלטן ים, דעם כעסן . . .

— ווי אַ ווינט, אַ ווייסער וויכער,
אין דער נאַכט אַריינגעריטן . . .
אַף אַ זייט־וועג זיך פאַרנומען,
און דיין טויער — אויסגעמיטן . . .

און דאָס צווייטע רייטפערד, זע איך —
יאָגט זיך, טראָגט זיך — פייל אויס בויגן!
ווי אַ בליץ פאַרביי דיין טויער; —
אויפגעפלאַקערט, און — פאַרפלויגן . . .

— און דאָס דריטע — פלינק און פינצטער;
שוואַרץ, ווי ס'אויג פון מיין ציגײנער . . .
אָפּגעשטעלט זיך פאַר דיין טויער.
אָפּגעשטעלט זיך — אומגליק דיינער!

# דער ברונען קוועלט פונסניי

אַ שטוב אָן אַ דאַך . . . און די שויבן —
צעבראָכן, מיט שפּינוועבס פאַרשפּונען.
אַ ווערבע . . . אַ טרוקענער עמער,
צעלעכצט, הענגט אַריבערן ברונען.

עס קוקט מיך פאַרגאַפט אָן די ווערבע —
זי וויל זיך הפּנים דערמאָנען:
— ווער איז ער? וואָס וויל ער דאָ האָבן?
וואו איז ער געווען? און — פונוואַנען?!

וואָס זוכט ער אין פינצטערן ברונען? —
דאָס וואַסער — מיט מאָך איז פאַרצויגן.
— דאָס וואַסער איז קלאָר און איך זע דאָרט
צוויי שעמעוודיק־קינדישע אויגן . . .

— וואָס שיקט ער דעם עמער צום אָפּגרונט? —
די קלעפּקעס — צעלעכצט, און אָן רייפן!
— איך זע אַפן דנאָ פונעם ברונען,
צוויי צעפּ מיט צוויי ראָזעווע שלייפן.

— דער שטריק איז צעפוילט, און דאָס שלעפּ־ראָד
פאַרזשאַווערט פון צייט און פון רעגן.
— עס שטראַלט מיר פון פינצטערן ברונען
אַ שמייכל, אַ סומנער, אַנטקעגן . . .

— עס לויפט אויס פון עמער דאָס וואַסער,
וואָס דו האָסט צונאַמענגעקליבן . . .
— עס איז אַפן דנאָ פונעם עמער
אַ טרער, ווי אַ שטערן, פאַרבליבן . . .

צוויי אויגן, אַ טרער און אַ שמייכל;
צוויי צעפּ מיט צוויי ראָזעווע שלייפן —
דער ברונען איז פול . . . און עס דופּטן
די קלעפּקעס, עס צוויטן די רייפן.

# דעמערונג

עס פֿאַלט אַ בלויע דעמערונג. אָ, שיינע, שעמעוודיקע פֿרוי!
דער אויגנבליק, אַף וועלכן כ׳האָב אַ לעבן־לאַנג געוואַרט —
איז איצט מיט מיר. און מיר איז גוט אַזוי, איז גוט אַזוי.
אַט איצט, בשעת די זון פֿאַרגייט אין גאָלדיק־בלויער מערב־זייט,
און הינטער מיר, די טריט פֿון טאָג — נאָך גאָרניט ווייט —
איז אויפֿאַמאָל מיר אַלץ געוואָרן קלאָר:
מיין זעל — אַ חלום אויפֿגעגאַנגען איז אין מיר —
געלייטערט, העל און פֿיינלעך וואָר . . .
ערשט איצט האָב איך דערפֿילט,
וויפֿיל איך האָב געהונגערט און געגאַרט,
אין ציטערדיקער בענקעניש געוואַרט — — —
וויפֿיל איך האָב פֿאַרשפּילט . . .

עס פֿאַלט די בלויע דעמערונג און דו ביזט וואונדערלעך און שיין.
ווי מאַט עס ציטערט אין דער טונקלעניש דיין וואַרעמער פּראָפֿיל.
די אויגן דיינע — זע איך קוים . . . און גוט איז, גוט אַזוי!
די באַקן דיינע רויטלען זיך אודאי, ווי עס פּאַסט דער צנועהדיקער פֿרוי . . .
די ליפּן דיינע, פֿיל איך, זיינען גלוטיק, פֿול און רויט ווי קאַרמעזין;
דיין ווייסע האַנט — דאָס זע איך — וויגט זיך אַף דיין בוזים, ווי אַ לאָטוס־בלום
באַם ברעג פֿון שטילן טייך, אין זילבערנעם לבנה־שיין,
דורכזיכטיק, ציטערדיק און דין.
איך דאַרף נאָר שליסן מיינע וויעס און איך פֿיל —
אַ ריח פֿון רייפֿנדיקע עפּל, בליענדיקן בעז, יאַסמין . . .
ערשט איצט דערפֿיל איך, אַז דער אויגנבליק איז — אַלץ!
און דאָס איז וואָס איך בין . . .

זיי שטיל אַ רגע נאָר. עס וועט שוין ניט געווערן לאַנג:
די זון איז רויט געזונקען אונטערן גאָלד־געזוימטן מערב־ראַנד,
און אין דער אָוונט־בלויקייט וויברירט איר לעצטער ווידער־קלאַנג.
די וויעס דיינע — זינקען אויך. טאָ, שליס די מידע אויגן, שליס . . .
מיין האַרץ איז אָנגעטרונקען, איבערפֿילט מיט שיין און פּיין און ווייך . . .
און ווי די גראָז, אין טיפֿער נאַכט, פֿון טוי באַטרונקען, בויגט זיך צו דער ערד,
אַזוי־אַ בויג איך זיך אַף מיינע קני און פֿאַל צו דיינע פֿיס.
און איך, אַף וועמעס ליפּ ס׳האָט לאַנג קיין תּפֿילה ניט געגליט;

וואָס האָב באַם שוועל פון טעמפּלען הייליקע נאָך קיינמאָל ניט געקניט —
האָב איצט מיט אַלע מיינע אברים ערשט דערשפּירט, דערהערט, דערזען —
ווי גאָטלאָז, זינדיק איך בין דאָס געווען.
ווי זינדיק איך בין דאָס געווען!

# פ ל אַ ק ס

עס זינגט באַם שטראָם דער שפּינער,
און וואַשט דאָס פלאַקס מיט פלייס —
,,איך זינג באַם ברעג פון לעבן,
און וואַש די האָר זיך ווייס . . .״

דער שטראָם נעמט מיט דאָס ליד זיינס;
דאָס ווייסקייט פון דעם פלאַקס,
און הילט אין ווייסן שוים־רויש
דאָס מיל־ראָד און די אַקס.

דער שטראָם, ער יאָגט און איילט זיך —
דער שטראָם האָט ניט געוואוסט:
די מיל איז אַלט און חרב,
און שטייט פאַרלאָזן, פוסט.

***

באַם נאַכט־לאָמפּ זינגט דער וועבער,
און טרייבט דאָס וועבשטול־ראָד —
,,איך זיץ באַם ראַנד פון אָוונט,
און וועב — אַ בלינדן סוד . . .״

דער שיץ כאַפּט אויף דאָס ליד זיינס;
דעם בלייכן לאָמפּן־שיין,
און וועבט זיי מיט די פעדים
אין גרויען לייוונט איין.

פון לייוונט וואָס וועט ווערן?
דאָס שפּינראָד קלערט ניט. — סתם — — —
אַ זאַק . . . אַ העמד . . . תכריכים . . .
אַ — זעגל אַפן ים?!

# אַ מעשהלע פאַרן שלאָף

דאָס בלאָנדע קינד, באַם פענצטער, ציילט,
די אָוונט־ווייסע שטערן.
ווי שטענדיק וועט עס ציילנדיק,
מן־הסתם אַנשלאָפן ווערן.

אָט זוימען זיך די ווינעס מאָט,
די אייגלעך, מיד, זיך שליסן —
נאָר, וואונדער! — ס'האָט אַ שטערן זיך
פון הימל אָפגעריסן.

— אַ צייכן קרייד, אַ פאַסמע זייד;
אַ זאַנג פון ווייסע שטראַלן —
ניט ווייט פון פאָטערס שוועל, אין פעלד,
איז ער אַראָפגעפאַלן!

דאָס קינד, דאָס בלאָנדע, בלאָנדזשעט, זוכט
אין פעלד, און זע — געפונען!
דער ווייסער שטערן פלאַטערט אום
אין טונקל־בלויען ברונען: —

ער וועט דעם שטערן ביז פאַרטאָג
אין ברונען דאָ פאַרהאַלטן,
און פון דער שטערן־פּרעסערקע —
דער זון — אים אויסבאַהאַלטן.

איז נעמט עס און טוט אויס פון זיך
דאָס העמדעלע, דאָס ווייסע,
דעקט צו דערמיט דעם ברונען, און —
דאָ ענדיקט זיך די מעשה.

***

אַ פאַסטוך, טרייבנדיק פאַרטאָג
זיין סטאַדע, האָט געפונען
אַן אַלטן בעטלער, שלאָפנדיק —
אַ נאַקעטן — באַם ברונען.

# מיין ליכטיקע נסיעה

געלאָזט דעם שטורעם הינטער זיך.
דער ים ליגט אויסגעלייטערט.
צום ברעג פון רו — דערנענטערט זיך;
פון שטורעם־ברעג — דערווייטערט.

איך האָב מיין זעגל אָפן מאַסט
צוריק אַרויפגעצויגן;
אים אָנגעשעפּט מיט ווינט, און בין
פאַרביי דעם רעגנבויגן.

די זון האָט זיך באַם מערב־ראַנד
אַ רגע אָנגעצונדן; —
געטאָן אַ פלאַם, אַריין אין ים,
און איז אין ים פאַרשוואונדן.

צוויי הימלען אויסגעשטערנטע —
פון ביידע — וועלכער ז'בלויער?
צי דער, וואָס איז מבטיח רו,
צי דער, וואָס וויגט מיין טרויער?

אָ, לעבן מיינס! אָ, טיפער ים,
פון אומרו און יסורים! —
איך זע דעם ברעג פון רו, און בענק
צום ברעג, וואָס ליגט אין שטורעם.

# ווערבעס

## א

דער וועג — מיין וועג — איז שטויביק גרוי.
פון בײדע זײט — אַנטקעגן,
זיך הוידען ווערבעס, דין און גרין,
אין אָסיענדיקן רעגן.

דער אומעט און דער רעגן פאַלט
אַף מיר און אַף די צווייגן —
כ׳האָב מורא פאַר דעם האַרבסט, — נאָך מער
ווען ווערבעס, ווייסע, שווייגן . . .

## ב

אַ ווערבע שטייט באַם ברעג פון טײך,
אין טרויער, מיד, געבויגן —
זי האָט אין וואַסער, וואָס באַם ברעג,
באַגעגנט מיינע אויגן.

די ווערבע זאָגט צום ווינט, — דער ווינט —
פאַרמרויט מיר אָפן אויער: —
פאַרוואָרצלטקייט, צי וואָגלעניש —
אַלצאיינס . . . דער זעלבער טרויער.

## ג

וואָס ביזטו אומעטיק אַזוי ?!
דערצייל, איך קען פאַרשטייען . . .
— מיין זומער איז פאַרביי אָן פרוכט.
מיט וואָס זאָל איך זיך פרייען ?

— אויך מיינע פירות זענען מיר,
אין זומער, פיל ניט גראָטן.
— דו טראָגסט אַ ליד אין האַרץ, און איך —
אַ סוד פון לעצטן שאָטן . . .

ד

שטייט אַ ווערבע אַפֿן פעלד,
אין אַ ברוינעם ים פון זאַנגען —
דער שניטער און דער בלויער סערפּ —
דער זומער איז פאַרגאַנגען.

די האַנט וואָס האָט פאַרזייט, וועט באַלד
דאָס גרעטעניש פאַרשניידן.
דער לעצטער פייגל פליט אַוועק —
דעם ווינטער אויסצומיידן.

— דער פויגל פליט — וואוהין, צו וואָס ?
— צום לאַנד וואָס האַלט אין גרינען !
— איך קען דאָס גליק פון רו, און דו —
דו גאַרסט דאָס צו געפינען . . .

# טריט אַפן זאַמד באַם ברעג פון ים

אָוונט. שאָטנס.
פייכטע, קילע ברעגן.
ים.

שטילער פון דעם פרילינג־רעגן
מיינע באָרוועס־קילע טריט
אין זאַמד.
גרויע וואַסער־לאַפּעס
גראַבלען זיי פון פייכטן זאַמד אַפיר
און נעמען צו דעם ים זיי מיט . . .

זוכט מיין אויער זיי אין רוישן פון די כוואַליעס און —
געפינט זיי ניט —
מיינע טריט.

האַרץ מיינס —
האָב ניט מורא.
האַרץ מיינס —
שרעק זיך ניט! —
דאָרט וואו שיפן זענען אומגעקומען —
זינגען זיכער איצטער מיינע טריט.
זינגען מיינע טריט,
מיינע טריט,
טריט.

מאָרגן וועלן כמאַרעס קומען צו דעם ים:
דורשטיק טרינקען . . כמאַרעס זיינען בלינד און זעען ניט:—
אַף די רוקנס פון די כוואַליעס שוועבן מיינע טריט.
שוועבן מיינע טריט.

מאָרגן וועט אַ רעגן פאַלן ערגעץ אַף אַ וויסטן לאַנד —
קילער רעגן . . . רוישעדיקע טריט . . .
בליען וועט אַן ערד, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געבליט —
ווילדע רויזן . . . ווייסע בליטן . . . בלעטער . . . בלומען . . .
מיינע טריט.

זאַט פון פּאַשע, ווי אַ כמאַרע ציט
צום דאָרף די סטאַדע ערב נאַכט:
אין דעם שווערן טראַמפּלען פון די אָקסן —
מיינע טריט.

אין דעם וויספּער פון די קופּער־רויטע זאַנגען
אַף די פעלדער ערב־שניט;
אין די בליציק־בלויע קלאַנגען
פון דעם סערפּ —
מיינע טריט,
מיינע טריט,
מיינע טריט.

אין דעם זיידענעם געזום פון האַווענדיקער בין,
וואָס זינגט און זויגט, וואָס זויגט און זינגט
פון זילבער בלויען בעז אַרויס —
אַ פרישער נאָכן פּרילינג־רעגן וואַרעם־שמעקעדיק צעבליט —
זינגען מיינע טריט,
מיינע טריט.

אין דעם פלאַטערדיקן פאַלן פון די געלע ווערבע־בלעטער,
וואָס דער הפקר־ווינט אין האַרבסט צעשיט
אַף אַלע וועגן פון דער ערד;
אין דעם וויינען פון די נאָדלביימער,
וועלכע האָבן אין דעם פּרילינג ניט געבליט —
וויינען וועלן מיינע טריט,
מיינע טריט,
טריט.
טריט.
טריט.

# אַ קרעטשמע

אַ קרעטשמע שטייט באַם זייט פון וועג.
איך גיי פון דעם יאַריד.
זי קוקט מיך אָן, ווי איינער רעדט: —
איך ווייס. ביזט זייער מיד.

איך קען דעם וועג . . . מיר דאַכט ס'איז דאָ
קיין קרעטשמע ניט געווען?
פאַרביי געגאַנגען וויפיל מאָל
און האָב זי ניט געזען!

עס איז מיר מאָדנע־אומעטיק.
גאָר פלוצים, אומגעריכט —
אַ פענצטערל — אַ קליינס, אַ קרומס . . .
אַן איינגעבויגן ליכט . . .

פאַרבייגעשלייכט זיך וויפיל מאָל,
און ערשט באַמערקט צום סוף.
דאָס ליכטל ווינקט צו מיר: ביזט מיד,
ווי איינער פאַרן שלאָף.

# סעפּטעמבער ליכט

עס שמעקט מיט האַרבסט.
דער אינדערפֿרי איז קיל. דער אָוונט קילער, קעלטער.
צום מדבר ווענד דאָס פּנים דיינס און — גיי!
אַזוי דאַרף טאָן אַ קלוגער מענטש בעת ער פֿילט,
ווי אַף די שלייפֿן צוויטעט אויף דער בלויער פֿראָסט,
און אַף די ברעמען לייגן זיך אַוועק די ערשטע פֿליטער שניי.
עס שמעקט מיט האַרבסט, געקאָסעט היי און רייפֿע עלטער . . .

אין מדבר מיידסטו אויס דעם שמייכלער און דעם נאַר,
וואָס קומט דיך טרייסטן אין דיין שפּעטער שאָטנדיקער שעה;
דיין זאַטע רייפֿקייט דיר באַוואונדערן . . .
דער טיפּש טוט דיר וויי; וועקט אויף אין דיר אַ בלינדן צער!
וואָס ווייסט דער נאַר, דער וויסטער, וואָס סע שיין?
און אַז ער קוקט שוין אַף דער זון בשעת זי האַלט אין אונטערגיין,
און ווערט נתפּעל פֿון די שפּילעוודיקע, רעגנבויגן־פֿאַרבן, —
באַנעמט ער דען — אַז אַלע ליכטיקייטן ליגן אָפֿן וועג צום טויט,
און אַז די ליכטיקייטן אַלע גייען אויף באַם סאַמע ראַנד פֿון שטאַרבן?!

וואָס ווייסט דער נאַר און וואָס באַנעמט דער תם? —
אַ טיף־געקנייטשטער פּנים טראָגט די זאַטקייט פֿון אַן אויפֿגעאַקערט פֿעלד.
אַ שאַרף־געקאַרבטער שטערן — די באַהאַלטענע מחשבות פֿון אַ כוואַליענדיקן ים;
סימנים פֿון פֿאַרשייטע ווינטן, בלאָנדזשענדיקע שיפֿן אין טומאַן . . .
עס זענען אַף דער וועלט אַזוי פֿיל ווייטקייטן פֿאַראַן!
אַזוי פֿיל רחבותדיקע ברייטקייטן פֿאַראַן!

אָ, קלוגער מענטש!
צום מדבר גיי אַרויס. נעם אָן אַ הויפֿן ווייסע זאַמד און זאָג אַזוי:
אַ מענטש וואָס לעבט — דאַרף ווערן אַלט, דאַרף ווערן גרוי!
און איינגעהויקערט, ווי דער אויסגעצערטער מדבר־בוים,
און שטום און טויב, ווי דאָס פֿאַרשטויבטע קאַקטוס־בלאַט,
און ווי די מדבר־מויז מיט הונגער און מיט דורשט — אין יאָרן זאַט.

און נאָכדעם, אַז דו זעסט אין מדבר־לאַנד די זון פֿאַרגיין —
נעם טרינק דיין זעעוודיקייט אָן מיט אַלע אירע פֿאַרבן,
און זאָג: — די ליכטיקייטן ליגן אָפֿן וועג צום טויט.
און שטראַלן אויף באַם סאַמע ראַנד פֿון שטאַרבן.

# ר ג ע ס

איך בין קיין בעל־חשבון קיינמאָל ניט געווען —
ניט געציילט מײַנע טעג, מײַנע יאָרן.
די רגעס פון גליק — אַזוי ווינציק אין צאָל —
איך טראָג זיי בײַ מיר אין זכרון.

די רגעס פון פרייד, אַזוי נישטיק און קאַרג —
מע קען אויף די פינגער זיי ציילן.
דאָך זיץ איך און וואַרט: מן הסתם וועט זיך גאָט
דערמאָנען . . . וועט מיך ניט פאַרטיילן.

די זון ציט צו מערב. דער אָוונט פאַלט צו: —
גאָט וועט נאָך דאָס האַרץ מיר דערפרייען!
וואָס ס'איז ניט געשען — קען געשען נאָך בשעת
די זון האַלט באַם סאַמע פאַרגייען.

# ברויט מיט מילך
(אַ ליד אין פאַרבן)

הינטער בלאָנדע ברעמען
שפּינט דער בלויער שלאָף
פון אַ ווייסן חלום
אויס אַ סטאַדע שאָף,

און אַ ברוינער פּאַסטוך,
אין אַ זאַק פאַרהילט,
אָף אַ גאָלדן פייפל
שפּילט אַזוי און שפּילט.

דאַרשטיק ציט די סטאַדע;
שלעפּט זיך מיד און שווער.
קומט אין פעלד צום ברונען; —
איז דער ברונען לער.

ס׳הענגט דער אַלטער עמער
פון דעם ווינט צעלעכצט,
און פאַרברוינט פון זשאַווער,
קרעכצט דאָס שלעפּ־ראָד, קרעכצט.

קניט דער מידער פּאַסטוך; —
איז מתפלל שטיל.
זאָגט דער ווינט צום פּאַסטוך:
— שפּיל אַ ניגון, שפּיל!

שפּילט ער אָף זיין פייפל.
ווי ער שפּילט אַזוי —
שפּרייט זיך אויס אַ וואָלקן —
שטיל און קיל און בלוי.

פילט ער ס׳פאַלט אַ טראָפּן
רעגן אָף זיין קאַרק.
הייבט ער אויף די אויגן —
זעט ער — ס׳רעגנט שטאַרק.

הערט ער, ווי דער עמער,
פון דעם ווינט צעלעכצט,
נידערט צו דעם ברונען,
און דאָס שלעפּ־ראָד קרעכצט: —

פון די קינדער׳ס וועגן,
אין דער ענגער שטאָט —
בענטש אונדז, גאָט, דעם רעגן;
בענטש אונדז, בענטש אונדז, גאָט!

אויסגעזופּט דעם ברונען
האָט די סטאַדע שאָף,
און דאָס קינד — דעם חלום
פון דעם בלויען שלאָף.

ציט אין פעלד די סטאַדע;
מעקעט מיט געהילך.
און די קינדער זינגען: —
מ־אַ־מ־ע־ע, ברויט מיט מילך!

# אַף דעם טויט פון אַ שיינער פרוי
(וואָס איז געשטאָרבן אין חודש יוני)

די נאַכט איז געווען אַזאַ בלויע.
איר פענצטער — אַ שאָטנדל בלויער.
עס ליגט אַף דער ווייסער לבנה,
פון היינטיקער נאַכט, אַזאַ טרויער.

אַ בלייכע לבנה, ווי יענע . . .
נאָר דינער, דורכזיכטיקער, ווייטער.
דיזעלביקע נאַכט . . . מיר דערמאָנט זיך —
אַ ווייסער, אַ ליכטיקער רייטער.

דער פאַרהאַנג, וואָס איבער איר פענצטער —
זיך פעלדלט און פלאַטערט — צעפאַלט זיך!
דער רייטער — אין האַנט אַ לאַנטערנע —
פאַרהאַלט זיך . . . באַהאַלט זיך . . . צעשטראַלט זיך.

דער רייטער, דער ווייטער, דערנענט זיך,
דאָס רייטפערד — ווערט לופטיקער, גרינגער . . .
עס פאַלן, אַריבער איר פענצטער,
דורכזיכטיקע שאָטנס פון פינגער.

— דו האָסט פון דער נאַכט מיך גערופן,
און איך האָב דיין ווייספער פאַרנומען:
— איך האָב דיך גערופן, מיין ריטער,
און גוט איז, וואָס דו ביזט געקומען.

אַזוי ווי ס'וואָלט היינט ערשט געטראָפן: —
די שטערן — קרישטאָלענע, קילע . . .
און זי — אין די אָרעמס פון ריטער,
אַ גרינגע, אַ דינע, אַ שטילע.

אַ שטערן. אַ שימער. אַ שאָטן . . .
אַ ליכטיקער נעפל — דער רייטער.
עס גייט אויף אַ ריח, ווי פון בשמים —
דער ריטער, דער רייטער דער ווייטער.

# רייט, מיין רייטפערד, רייט!

סע שפעט. ביזט מיד, מיין גרוי־ווייס פערד.
סע דאָ אַ לאַנד וואו אַף דער ערד —
רייט, מיין רייטפערד, רייט!

איך האָב אַ מעשהלע געהערט —
צי איז דאָס וואָר, צי — אויסגעקלערט? — — —
רייט, מיין רייטפערד, רייט!

וואו איז דאָס לאַנד? ווי רופט מען דאָס? —
ס'איז דאָ אַ טאָל, אין טאָל אַ שלאָס,
און אין דעם שלאָס, די אויגן צו,
פאַרכישופט שלאָפט פרינצעסין רו.
רייט, מיין רייטפערד, רייט!

און וואָגלער, מידע, נאָכאַנאַנד,
זיך ציען בלינד צו יענעם לאַנד.
און אַז זיי קומען שוין לסוף
צום גרענעץ — פאַלט זיי אָן אַ שלאָף —
רייט, מיין רייטפערד, רייט!

און די פרינצעסין? — ס'אַראַ גליק!
וואָס קיינער קערט זיך ניט צוריק —
רייט, מיין רייטפערד, רייט!

# דריי זאַנגען רויך

סע ווינטער. האַלבע נאַכט.
אַ זאַווערוכע ווייט.
אַ באַרג. אַ טאָל. אַ בוים.
אַ קרעטשמע, ווייס פאַרשנייט.

אין קרעטשמע ברענט אַ ליכט,
און פלעמלט פאַרמעט־געל.
דער פראָסט — אַ ווייסער בער —
ליגט אויפגעקנוילט באַם שוועל.

אַ טיש. אַ פלאַש. אַ גלאָז.
אַ זשיפענדער ציגאַר . . .
עס קוקט די בעלמע אַש,
דורכן דינעם רינגל זשאַר: —

דאָ ערשט געווען אַ גאַסט.
פאַרווילט אַ קנאַפע שעה —
געלאָזט דריי זאַנגען רויך: —
געווען און — איז נישטאָ!

## ב—מאַרצאָווע ווינטן

איך זאָג אַזוי
דריי באַנדורעס
דאָס פרעמדע ליד
לחיים
פון טיפן ברונען
מאַרצאָווע רעגן
אַ מעשה מיט אַ דייגער
וויג־ליד
אין דיין האַנט
מיט דיר
ברויט
דער ריח פון ערד

# איך זאָג אַזוי

— ווער עס וואָגלט אין דער וועלט אַליין,
דער דאַרף זיין וועג ניט ווילן.
די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט,
די טעג — ווער דאַרף זיי ציילן!

די ערד וואָס אונטער דיינע פיס —
אַ ראַגאַזשע צום טרעטן . . .
די וועלט — אַ שענק, און דו — אַ גאַסט,
וואָס קומט דאָ אומגעבעטן.

איז וואו סע נאָר פאַראַן אַ שטול,
באַם טרינק־טיש ניט פאַרנומען,
דאָרט זעץ זיך — פרעג באַ קיינעם נישט —
די שענק־מויד וועט שוין קומען!

און אַז דו האָסט קיין טרינק־געלט ניט —
וועט עמיצער טראַקטירן.
און שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, וועט דיך
צום טיר ווער אונטערפירן . . .

דו האָסט אַ נאַכט אין שענק פאַרבראַכט —
געטראַנק, געזאַנג און פייער!
און דו האָסט צו דער פריילעכקייט
געגעבן דיינס צושטייער.

האָסט שיינע לידער זיי געבראַכט,
פון ווייטע לענדער, נייע;
פון אינזלען, ווייט פאַרוואָרפענע;
פון ימען — ברייטע, פרייע.

טאָ — לייג־זשע לעבן שוועל פון שענק
דיין מידן קאָפּ אַנידער,
און הער! — זיי זינגען אין דער נאַכט —
און זינגען ד י י נ ע לידער.

# דריי באַנדורעס

דריי ווילדע וואַגאַבונדן,
איך שענק באַם בראנפן־פאַס.
דער ווינט האָט זיי פאַרטראָגן
אַהערצו פון דער גאַס —
איז גיסן זיי דעם בראַנפן,
ווי ס׳וואָלט געווען קוואַס: —
געווען אַ טאָג פון מחיה;
אַ געראָטענער יאַריד,
איז — קלינגען די באַנדורעס,
און ס׳ברענט פאַרשייט דאָס ליד:

דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס, העי!

איין וואַגאַבונד — דער איינגסטער —
אַ דעמב פון וואַלד, אַ גבר!
צוויי אויגן בלוי, ווי רעגן,
אַ רויטער קאָפּ, ווי זשאַר,
ער קלינגט אַף דער באַנדורע
אָט, ווי צו אַ פּאָזשאַר:
— אָ, שיין איז מיין סוזאַנאַ!
צוויי דיקע צעפּ פון גאָלד.
פאַר איר אַ חתן ווערן —
דאָס וואָלט איך גראָד געוואָלט.
געפעלט איר ניט מיין הלוך;
מיין דורשט . . . און ווי איך זינג:
— פאַרקויף זי די באַנדורע,
און קויף אַ חופּה־רינג!
אָ, האַרציקע באַנדורע,
מיט דיר — איך שייד זיך ניט.
דו קושסט מיר מיינע פינגער;
האָסט ליב מיין פריילעך ליד.
וואוהין איך זאָל ניט וואָגלען —
אָ, האַרץ מיינס! כ׳נעם דיך מיט!

דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס, העי!

דער צווייטער — הויך און קנאַכיק,
מיט אויגן — זשוקעס צוויי,
און לאַנגע שוואַרצע קודלעס,
ווי בײַ אַן אַרכירײַ.
ער קלאַפּט אַף דער באַנדורע
און זינגט מיט אַ געשריי:
מײַן ווײַב איז אַן אַרורה,
קיין קינדער האָט זי ניט,
און גיט צו איר אַ מאַנסביל
אַ וואונק — איז גייט זי מיט . . .
באַנדורע, מײַן ציגאַנקע! —
די שעלמע איז מיר טריי,
זי קינדלט, ווי אַ קראָליק,
און איך — בין הפקר, פֿריי!
אָ, לידער, קינדער מײַנע!
צי ווייס איך ווי עס טויג? —
דער ים באַהאַלט די פּערל
און וואַרפֿט אַרויס דאָס רויג . . .
און איך, די לידער מײַנע —
מײַן טרער נאָר בלײַבט אין אויג.

דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס, העי!

דער דריטער — פּעט, צעיוירן,
מיט אויגן שוואַרץ ווי קויל;
אַ באָרד מיט זיבן צויטן,
און זיבן ציין אין מויל.
ער קיצלט די באַנדורע
און זינגט צעקראָכן, פֿויל:
— גערייזט אַף זיבן ימים,
דורך שטורעם, טויט־געפֿאַר;

געלעבט מיט זיבן ווייבער,
און — אַלץ דער זעלבער נאַר.
די ערד אַדורכגעקרייצט שוין,
אַ וועלט שוין אויסגעוועזן,
און קיין זאַך ניט געענדערט,
און גאָרנישט איז געשען:
כ׳האָב אַלץ נאָך ליב די ימען,
די זעגלען ווייס און גרוי,
כ׳האָב אַלץ נאָך ליב מיין בראַנפן,
און די פאַרשייטע פרוי.
פאַרפאַלן! — כ׳וועל אודאי
שוין פּגרן אַזוי.

דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס,
דריי באַנדורעס, העי!

# דאָס פרעמדע ליד

סוף יוני. ס׳איז היינט די לבנה
נאָך פולער, ווי נעכטן, נאָך העלער.
און הינטער מיין פענצטער די גאַסן,
נאָך טיפער, נאָך שטילער, נאָך שמעלער.

מיין גאַס — איז נאָך טיפער, נאָך שטילער
פון אַלע אַרומיקע גאַסן.
דורכן אָפענעם פענצטער פאַרנעם איך
דעם אָפקלאַנג פון לעצטע אָפּצאַסן.

אַנטקעגן — פאַרלאָשענע שויבן,
און פאָרהאַנגען בלינדע פאַרצויגן.
באַם שוועל פון אַ פינצטערן קעלער —
אַ קאַץ מיט צעזשאַרעטע אויגן.

באַם ראָג איז דאָס שענק־הויז נאָך אָפן:
דריי טרעפּלעך, צוויי רויטע פאָנאַרן.
און עמיצער זינגט לעבן פענצטער,
צום קלאַנג פון אַן אַלטער גיטאַרע.

— „טו אָפּ פון די וואַרעמע לענדן,
אין טאַנץ, דיינע פאַרביקע שאַלן.
די פיס דיינע — שלאַנגען פון פייער.
און דיינע צוויי אויגן — קינזשאַלן. — — —

— „וואָס בין איך אַ סאָווע, וואָס יאָמערט
באַנאַכט אינם ליידיקן שייער?
— אַ שמעטערלינג ביזטו, מיין שיינער!
און איך — דיין פאַרצערנדער פייער״ — — —

דער זינגער — אַ פרעמדער בראָדיאַגע.
ווילד־פרעמד קלינגט זיין ליד מיר אין אויער —
באַ אונדז זינגט אפילו דאָס שענק־הויז
פון ברויט, און פון טויט, און פון טרויער.

**דאָס ליד זיינס דאָס פרעמדע געפּעלט מיר, —**
**די אַלטע גיטאַרע, דער ניגון —**
**האָ, לאָז מיר דעם אמת פאַרגעסן,**
**היינט איז מיר צום האַרצן דער ליגן . . .**

— „וואָס בין איך אַ סאָווע, וואָס יאָמערט
באַנאַכט אינם ליידיקן שייער ?
— אַ שמעטערלינג ביזטו, מיין שיינער !
און איך — דיין פאַרצערנדער פייער" — — —

# לחיים!

איר זיצט אין שענק און טרינקט —
פאַרזאָרגטע, כמורנע, שטילע.
מע הערט ניט זינגען אייך, —
איר שמייכלט ניט אפילו!

בשותפותדיקע זאָרג
האָט אייך געבראַכט צוזאַמען;
די שיפן, אייערע —
צעשפּרייט אַף אַלע ימען.

ידיעות קומען אָן:
עס בושעוועט דער שטורעם!
און שיפן קומען אום,
איז — טרינקט איר פאַר יסורים.

אויך איך האָב שיפן — ד ר י י!
און זאָרג ניט וועגן וועטער:
קוים קומען זיי ניט היינט —
איז רעכט באַ מיר אַז שפּעטער . . .

און טרעפט — זיי קומען אום,
וועל איך ניט רייסן קריעה:
דער ים, דער ווינט, די שיף — —
אין גאָט איז די מניעה!

גאָטס האַנט איז די וואָס גיט,
וואָס היט און פירט בשלום,
די שיפן מיינע דריי —
מיין ליד, מיין פרייד, מיין חלום.

***

איך זאָג קיין מוסר אייך.
איך בין ניט אייער ריכטער.
ס׳איז סתם מיר אומעטיק,
צו זען שיכורים ניכטער.

עס האָבן דאגות אונדז
צונויפגעפירט צוזאַמען —
די שיפן אונדזערע —
נישט אַף דיזעלבע ימען!

דעריבער זינגט איר ניט,
און זיצט דאָ ווי אבלים:
דער שענקער ציילט דאָס מינץ,
און איר — די פוסטע כלים . . .

איך טו קיין טובה אייך.
איר טוט מיר ניט קיין רעה: —
מיין טיש. מיין וויין. מיין ליד —
מיין אייגענע הנאה.

און אַז עס פעלט אין טאַש,
און אַפן האַרץ איז ביטער,
באַצאָל איך פאַר מיין וויין —
אַ ליד פאַר יעדן ליטער . . .

***

אינדרויסן רעגנט שטאַרק.
עס רייסט זיך אַף אַ שטורעם — — — —
פאַר מיינע שיפן דריי! —
פאַר אייערע יסורים! —
לחיים!

# פון טיפן ברונען

אין טיפן, בלויען וואַסער פון מיין ברונען,
געשפיגלט האָט אַ שטערן זיך די גאַנצע לעצטע נאַכט.
פאַרטאָג האָב איך אַן עמער וואַסער אָנגעשעפּט זיך,
און האָב דעם שטערנס ליכט צו זיך אין הויז אַריין געבראַכט.

אַ דורשטיקער האָב איך געטרונקען.
דאָס וואַסער איז געווען קלאָר, און בלוי, און קאַלט.
אַ גאַנצן טאָג דערנאָך האָט אומעטום, אין אַלע גאַסן,
בא מיר פון אויג דאָס שטערן־ליכט אַרויסגעשטראַלט.

און אומעטום, וואוהין איך בין געקומען,
האָב איך אין מיינע רייד געבראַכט —
די טונקלע שטילקייט פון דעם ברונען,
דעם דופטנדיקן וויספער פון דער נאַכט.

# מאַרצאָווע רעגן

עמוס הירשביין אַ מתנה

דער ווינט האָט אויסגעמאָלקן,
דעם לעצטן בלויען וואָלקן,
און איז געגאַנגען שלאָפן.

ס׳איז שטיל, מע קען אַזש הערן,
ווי ס׳בלינצלען ווייט די שטערן;
ווי די לבנה שיפט זיך.

דער טייך אַרום די ברעגן
איז טאָפּלט בלוי פון רעגן,
און גלאַט אַזוי ווי סאַמעט.

ס׳איז נאַכט, און דאָך איז ליכטיק.
ס׳איז טונקל — דאָך דורכזיכטיק.
מיין אויג קען זען — פאַר מיילן!

איז — וואָס איז דאָס, וואָס טוקט זיך,
אין טייך, און בויגט און בוקט זיך?!
קוקט אויס — אַ ווייסער למד!

— אָט האָסטו דיר אַ מעשה!
דאָס שווימט אַ גאַנדז, אַ ווייסע,
העט ווייט, אינמיטן וואַסער!

— ווי קומט אין מיטן דריבען,
אַ גאַנדז זאָל דאָרטן שווימען? —
פון ברעג אַזאַ מהלך!

אין שטורעם אומגעשוואומען,
און — איז ניט אומגעקומען?!
זיך גאָרנישט אויסבאַהאַלטן?!

— הער אויף מיך קשיות פרעגן!
דו ווייסט ניט, אַז אין רעגן,
מאַרצאָווע, ליגט אַ כישוף?!

אַמאָי — אין מיטן דרינען
הייבט אָן די ערד צו גרינען,
דער טייך ווערט בלויער, גלאַטער.

די ביימער נעמען בליען;
און סטייעס פייגל פליען —
פאַרוואָס? . . . וואוהין? . . . פון וואַנען?! . . .

# אַ מעשה מיט אַ זייגער

די וויזערס — ברוין־פאַרזשאַווערט,
דאָס ציפערבלאַט — פאַרגעלט.
דער זייגער האָט פאַרהוסט זיך,
און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז עס פאַר אַ תּכלית ?! —
שוין נמאס אים די וואַנט !
אַן עובדא — ציילן רגעס,
און שעהן נאָכאַנאַנד !

— אַ הימל — פול מיט שטערן,
און קיינער ציילט זיי ניט.
און ער — כּסדר רעכן,
און צייל די וויזערס טריט !

— די קאַץ, אין ווינקל, דרימלט.
דאָס קינד, אין וויגל, זאַט.
אַ שפּין, אַ גרויע, פּאַדעט
אַרום דעם ציפערבלאַט.

זי שפּינט די גרויע פעדים,
און סטריגעוועט און שטעפּט.
דאָס ציפערבלאַט ; די וויזערס —
אין שפּינוועבס איינגעוועבט.

אין שפּינוועבס וויינען רגעס.
דער נאַכטלאָמפּ — כמאַרנע ברענט.
די שעהן — מאַטלעך, בלינדע,
זיך צאַפּלען אויף די ווענט.

דאָס מעשהלע פון זייגער ? —
אָט . . . דאָס איז דאָס דער סוף !
כ׳בין, אגב, מיד . . . מיר קלעפּן
די וויעס זיך פון שלאָף.

# וויגליד

שלאָף, מײַן בלאָנדער מלאך,
שליס די בלויע אויגן —
ס'איז אַמאָל אַ קאַטשקע
איבערן טײַך געפלויגן:

וויל אַ אָדלער ווערן!
נאָר — אומזיסט דאָס מיען:
קאַטשקעס מוזן שווימען,
אָדלערס — מעגן פליען.

אַפֿן בלויען וואַסער,
גלאַטיק ווי אַ שפּיגל,
שווימט אַ גרינע קאַטשקע
מיט געגילטע פליגל.

רונד ווי די לבנה,
רויט אַזוי ווי צונטער,
לאָזט די זון פּאַמעלעך
זיך אין טײַך אַרונטער.

בלויער ווערט דער הימל,
טונקלער נעמט עס ווערן.
אויס דעם וואַסער בלישטשען
פישעלעך און שטערן.

מיט דעם קאָפּ אַרונטער,
פּונקט ווי אין אַ שפּיגל,
שווימט אַ גרינע קאַטשקע
מיט געגילטע פליגל.

ראָזעווע צוויי פיסלעך,
מינען זיך אין וואַסער —
פּונקט אַזוי ווי אירע,
נאָר אַ שאָטן בלאַסער.

און אַ רויטער שנאָבל,
פּונקט אין אירן גראָטן —
צי איז דאָס אַ חלום?
צי איז דאָס איר שאָטן?

אויבן — אַ לבנה,
אונטער איר — אַ הימל: —
שווימט זי אום אין חלום?
בלאָנדזשעט זי אין דרימל?

— זי איז די לבנה,
און די שטערן — קליינע,
רונדע, גרין־געגילטע
קאַטשקעלעך אַזוינע.

ווי אַ בלויער שפּיגל
ליגט אַן אויסגעשפּרייטער,
אין דער נאַכט דאָס וואַסער,
ווי דער ים אַ ברייטער.

— שווימען . . . שווימען . . . שווימען . . .
וואָס וועט פון איר ווערן?! —
הימל. נאַכט און וואַסער;
פישעלעך און שטערן . . .

אוי, ביז וואַנען וועט זי
אַט־אַזוי־אָ שווימען?!
אוי, זי וועט איר ברעג שוין
קיינמאָל ניט געפינען?!

שלאָף, מיין בלאָנדער מלאך,
זאָל די קאַטשקע שווימען,
אַז זי וועט אין ברייטן
טייך איר ברעג געפינען.

צווישן די געדיכטע
שמערנדלעך די ווייסע —
וועל איך דאָן דיר, קינד מיינס,
ענדיקן די מעשה.

*
**

אויף דעם בלויען וואַסער,
גלאַטיק ווי אַ שפּיגל,
שווימט אַ גרינע קאַטשקע
מיט געגילטע פליגל.

# אין דיין האַנט

אַריבער די טונקעלע בערג טראָגט דיין האַנט
מיין ליכט אין צעשטראַלטן לאַנטערן.
איך ווייס אַז מיין ליכט וועט אין בלויקייט פון נאַכט
פאַרלירן זיך צווישן די שטערן.
נאָר דו וועסט אים היטן; זיין שימערן הערן;
אין יעטוועדן שטערן וועסטו אים דערקענען,
אפילו ווען ער זאָל פאַרלאָשן שוין ווערן . . .

אַ רעגן פון שטערן הענגט איבער מיין קאָפּ,
און איינציקווייז זע איך זיי פאַלן.
אַ ליכט־שטראָם פון באַרג גליטשט אין טאָל זיך אַראָפּ,
צעשאָטן אין הונדערטער קוואַלן.
נאָר דו — לעבן יעטוועדן קוואַל טוסט זיך בויגן:
דו קילסט זיך די ליפּן, דו וואַשסט זיך די אויגן,
און גייסט אויף — אַ גייזער פון שטראַלן.

# מ י ט  ד י ר

מיט דיר בין איך
אַ וואַלקן וועלכער קען אַ וויסטעניש באַפרוכפּערן.
און אָפּגעריסענער פון דיר —
אַ רעגן־טראָפּן אויפן הייסן מדבר־זאַמד;
אַ קאָרק אויף די צערייצטע וואַסערן פון ים,
אַ פעדעמל טומאַן, אַ קנייטל רויך;
אַ שמעטערלינג פאַרבלענדט פון פלאַם.

מיט דיר בין איך אַ וואַלד אין שטורעמווינט.
און דיר —
און אָפּגעריסן בלאַט, אין אָסיענדיקע טעג.
מיט דיר בין איך און אָדלער אין דעם ווינט.
און דיר —
אַ רעגנוואָרעם אינם נאַסן שטויב פון וועג.

מיט דיר בין איך אַ פעלז, אַ באַרג,
אויף וועמעס קאָפּ
די כמאַרעס נידערן אַראָפּ; —

און דיר —
אַ קערן זאַמד, אַ פולווער שטויב, געטריבן בלינד,
פון הפקרדיקן שטורעמווינט.

# ברויט

— אוקראינישע אידיליע —

א.

דער שניטער בלאָנד.
די זאַנגען — גאָלד.
דער סערפּ איז בלוי
און קיל ווי טוי.

די זון גייט אויף.
דער מזרח גליט.
סוף חודש אָב,
און אָנהייב שניט.

דער שניטער זינגט.
דער סערפּ — באַגלייט.
דער טאָג איז מיד.
די זון פאַרגייט.

דער שניטער קניט,
און בויגט דעם קאָפּ: —
ער בינדט צונויף
דעם לעצטן סנאָפּ!

ב.

דעם שניטערס הויז,
אין שאָטן שטייט.
דער אויוון ברענט.
דער טיש — געגרייט.

— גוטנאָוונט, ווייב!
אַ דאַנקען גאָט!
פאַרזייט אין צייט —
דערפאַר געראָט!

ג.

עס הערט דאָס ברויט,
וואָס אַפן טיש —
פון איוון ערשט,
נאָך וואַרעם, פריש —

זיך זשעדנע איך
צום שטילן שמועס: —
פון אַלטן פעלד . . .
אַ פרישער גרוס!

דער שניטער טונקט
דאָס ברויט אין זאַלץ,
און זיפצט: — אַ דאַנק
דיר, גאָט, פאַר אַלץ!

ער עסט געשמאַק,
און טראַכט פון רו.
דעם שניטערס ווייב,
דערוויל, גרייט צו.

דאָס בעט, דעם לאָמפּ;
צינדט אָן דעם קנויט. —
עס שמייכלט טריב
דאָס אַלטע ברויט.

# דער ריח פון ערד

שוועדע, שוואַרצע הענט מיט פּראַצע אָנגעגאָסענע.
רוקנס רונד־געבויגענע, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.
אַקעראייזנס גריזשען הונגעריק די שוואַרצע ערד.
טיף געדונצלט שמייכלט צו דער זון דער ברייטער סטעפּ.

ברענגען וועט באַנאַכט צו זיך אין שטאַל אַריין דאָס מידע פערד —
טונקל־פייכטן פעלד־גערוך, די זאַטע מידקייט פון דעם טאָג.
אָף די קישן וועלן דופטן מיט דעם ריח פון זריעה —
פריש־צעפּאַרעט אין די פאַלדן פון דער שוואַרצער ערד —
טונקעלע, געדיכטע מאַנסבילדיקע בערד.

און פון הינטער שלאָף־פאַרשיכורטע און מידע קעפּ,
זינגען וועט דאָס רויטע בלוט אין אָנגעהאָרעוועטע הענט,
פאַר דעם פלעמלענדיקן קאַניץ, פאַר די שאָטנדיקע ווענט,
דאָס געזאַנג פון ברויט, פון אויבס, און פולע טעפּ.
מיט מילך.

# ג—מאָנונג

דאָס יידישע אות
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט"
אונדזער פירער
דער שאָטן פון איש קריות
איך האָב געוויינט אַ גרויס געוויין
איך דעק מיין פנים אָפּ
איך האָב געוויינט און ניט געהערט מיין אייגן קול
ישראל דאכוער אָפן טהרה־בעט
שוואַרצע פליגלען איבער מיר
אַ תפלה
דאָס ערגסטע פון דער תוכחה
אַ ידידי־בריוועלע פון דרהיים
דער רייטער, דער ווייטער

# דאָס יידישע אות

פירעקעכיק, שטעכעדיק יידישער אות.
מיין טונקעלע תפיסה. מיין ליכטיקער שלאָס!

אָ, שטיינערנע נאַרע. אָ, פוכיקע בעט!
ווער האָט מיך פאַרמשפּט, און וואָס איז מיין חטא?

אַ פעסטונג, אַ מויער ביז — איבערן דאַך.
אַן אייזערנער טויער, באַם טויער אַ וואַך.

מיין פענצטער מיט גראַטעס, אין קייטן די הענט.
מיט נעמען . . . זכרונות פאַרשריבן די ווענט . . .

ווען קומט מיין דערלייזונג? וואָס ליג איך און וואַרט?
— האָסט אַליין זיך פאַרמשפּט, האָסט אַליין זיך פאַרשפּאַרט!

אַ חלום די אייזערנע גראַטעס, די טיר, —
קיין שלאָס און קיין ריגל. קיין וואַך הינטער איר.

מאַך אויף דיינע אויגן! הייב אויף דיינע הענט: —
אַ חלום! . . . דער הימל — דיין דאַך, דיינע ווענט.

צערונען די תפיסה. עס הויערט דער שלאָס —
מיין ליכטיק, פירעקעכדיק, שטעכעדיק אות.

# „דאָס ליד פון דעם וואָס בויט"

אָ, שיין איז דאָס ליד פון ליבשאַפט,
דאָס ליד פון וויין און ברויט.
דאָס ליד פון אַלע לידער —
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט".

און ער האָט אין דער מדבר,
אַליין מיט זיינע הענט
פון שטיין דעם שטיין געריסן,
און אויפגעשטעלט די ווענט.

און אַז ער האָט אין אָוונט,
מיטן לעצטן מדבר־סכך,
פאַרדעקט דעם לעצטן חלל
באַם ווינקל פון זיין דאַך,

האָט ער געזען ווי ס׳נידערט
די זון צום מערב־ראַנד,
און ווי אַ טיגער דרעמלט
דאָסווילדע מדבר־לאַנד.

אַ האַלבער הימל פלאַקערט
אין פאַסמעס גאָלד און רויט,
און ער האָט אויפגעזונגען —
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט".

און אַז ער האָט געגראָבן
דעם ברונען פאַר זיין שוועל,
און מיד איז אוסגעגאַנגען
פון דורשט אין אים זיין זעל —

איז אים געשען אַ וואונדער: —
אין אַנגסט פון לעצטער שעה,
האָט ער דערזען דעם שימער
פון וואַסער אַפן דנאָ, —

האָט ער געטאָן אַ ציטער,
און האָט געזאָגט: — „אָ, גאָט!
דו האָסט געטאָן אַ חסד
מיט מיר אין שעה פון גנאָד.

די האַנט וואָס גיט מיר וואַסער, —
וועט אויך מיר געבן ברויט".
און ער האָט אויפגעזונגען —
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט".

און ער האָט מיט די נעגל
געאַקערט נאָכאַנאַנד,
נאָר ווילד האָט זיך געעקשנט
דאָס האַרטע מדבר־לאַנד.

נאָר אַז ער האָט די זריעה
אין מדבר־ווינט פאַרשפּרייט,
און מיט דעם שווייס פון פּנים
באַרעגנט בייט נאָך בייט —

האָט דאָס האַרץ צו גאָט גערופן
און האָט געזאָגט: — מיין האַר!
דו האָסט געזען מיין יאוש —
איצט וויל איך זען דיין שכר!

האָסט געשטעלט מיך צום נסיון,
און איך האָב דיר געטרויט.
און ער האָט אויפגעזונגען —
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט".

און אַז דער שלאָף, דער מידער,
האָט אים דאָס אויג פאַרמאַכט,
האָט ער געזען אַ חלום: —
אין מדבר פון דער נאַכט

שפּראָצט אויף די ערשטע זריעה,
צעגרינט ווי עמעראַלד,
און מינעט זיך, גייט איבער
אין זאַנגען — ליכטיק גאָלד.

און אַז ער האָט די אויגן
פאַרוואונדערט אויפגעמאַכט —
האָט ער געזען — עס רעגנט,
אין דער שטילער מדבר־נאַכט.

און אַז באַם ראַנד פון מזרח,
דער טאָג האָט אויפגעבלויט,
האָט ער פונסניי געזונגען —
„דאָס ליד פון דעם וואָס בויט״.

# אונדזער פירער

ער האָט גערופן זיי
און האָט זיי איינגעזאַמעלט.
זיצט וואַרטן זיי, און ער —
דערשראָקן שטייט און שטאַמלט:

— איך רייען אויסגעשטעלט . . .
כ'האָב מורא זיי צו ציילן.
אַליין צום שלאַכט ניט גרייט,
און דאַרף די בראַווסטע ווײַלן!

און זיי — זיי מאָנען הויך: —
וואו זענען די כלי־זיין!
אַ שטאַמלער גאָר, און וויל
אונדז פירן און באַפרייען!

— עס האָט מיך גאָט געשיקט,
נאָר ניט אַלס איש־מלחמה,
מיין איינציקע געווער —
גאָטס וואָרט אין מיין נשמה.

עס האָט מיך גאָט געשיקט
איך זאָל אייך מופתים ווייזן:
איך שמיד אַ שווערד, און זע —
סע גאָר אַן אַקעראייזן!

איך נעם אין האַנט אַ ביקס,
און זע — סע גאָר אַ רידל.
כ'לאַד אָן מיין האַרץ צו קריג —
מיין האַרץ איז גאָר אַ פידל!

און גאָט האָט מיך געשיקט
צו אייך, אַזוי צו זאָגן:
דער שונא שמידט אַ שווערד —
די שווערד וועט אים דערשלאָגן!

דער שונא צילט זיין ביקס —
ער טוט אומזיסט זיך גרייטן:
די קויל וועט טרעפן אים,
און וועט אים טייטן, טייטן!

גאָט זאָגט. גיי רעד צום פאָלק,
צום אייביק־איינגעשפּאַרטן: —
דער טאָג איז אָפן וועג!
ער גייט און איר זאָלט וואַרטן!

# דער שאָטן פון איש קריות

די לייכטער מיינע — ליימענע.
פון טריבן חלב, מיינע ליכט.
אַ בעטלער איז מיין אורח היינט.
און איך האָב זיך אַף אים געריכט.

וואָרים צווישן אורחים אָרעמע,
אין הינטערגאַס, געפינט זיך ס׳רוב,
אַ־דער, אַף וועמען כ׳האָב געוואָרט;
דער עניו און דער למד־וואָו.

באַ קאָרן־ברויט, געמישט מיט קלייען;
באָם מוטנעם ליאַג און הערינג־רויג, —
וועט ער זיך טאָן אַמאָל אַ הויב,
און זיך צעשטראַלן פאַר מיין אויג.

דאָס הויז פון גביר שטייט אַפן באַרג.
און מיין כאַלופּקע, ליגט אין ראָוו.
פאַרבלאָנדזשען וועט אַמאָל משיח
צו מיר, ווי היינט דער למד־וואָו.

זיין לייב אין וואַגנדן. אָן אַ העמד,
די פיס געשוואָלענע. אָן שיך.
אַ שטעקן און אַ טאָרבע אַש —
דער אָרעמאַן וועט זיין משיח!

פון דמיון נאָר אַליין — גייט אויף
אַ ליכטיקייט באַ מיר אין זעל:
אַ חלום פון אַ וויטער וועלט;
אַ זעאונג — קלאָר און וואָר און העל.

און אין מיין פינצטערניש פלאַמט אויף,
מיין האַלב־פאַרחרובט הויז — אַ סנה!
דורכזיכטיק ווערט מיין הויט און ביין.
איך הייב אויף מיינע הענט און זע: —

די פענצטער ברענען אַפן באַרג,
ווי אויגן פון צערייצטע וועלף;
דאָרט זיצן אורחים אָרימע.
איך צייל זיי דורך די פענצטער — צוועלף!

איך צייל די שאָטנס דורך די ווענט.
איך צייל און צייל. די צאָל איז צוועלף!
איך צייל די שאָטנס פון די הענט —
אַן אורח פעלט! . . . געבליבן עלף! . . .

נאָר קיין זאַך ווערט מיר שוין פון אויג
נישט מער פאַרהוילן און פאַרדעקט.
כ׳הויב אויף אַ ברעם, אַ האַנט — און זע
דאָס טיפסטע טיפעניש אַנטפּלעקט . . .

דעם גרינגסטן שאָטן אַפן גראָז.
מיין אויג ווערט שפּיציק, אויפגעשרויפט: —
איש קריות שלייכט זיך דורך דער נאַכט —
ער האָט מיין אורחס בלוט פאַרקויפט!

נאָר אים, מיין גאַסט, דער אָרעמאַן,
וואָס שלאָפט אַף דרערד, באַ מיר אין קיך —
באַשירמען וועל איך פון המון! — — —
מיך קען מען ניט?! — — — בין איך משיח!

און שלאָגט מען מיך צום צלם צו —
פאַרגיי איך און עס לאַכט מיין בלוט: —
ער שלאָפט באַ מיר אין קיך, דער האַר . . .
און איך בין ער! . . . און מיר איז גוט!

# איך האָב געוויינט אַ גרויס געוויין

איך האָב געוויינט אַ גרויס געוויין,
און האָב מיט מיינע טרערן,
זיך אויסגעוויינט — אַ בלויע נאַכט;
אַ פולן הימל שטערן.

— אָ, גאָט! וואָס האָסטו איבער מיר
צעצונדן דיין מנורה?!
ווער ס׳לעבט אין חורבות אויס זיין וועלט —
האָט פאַר שדים ניט קיין מורא!

ווער ס׳עוסקט זיך מיט מתים רק,
און טוט נאָר קברים גראָבן —
אים איז גענוג אַ יאָרצייט־ליכט.
וואָס דאַרף ער שטערן האָבן?

און גאָט האָט אין דער נאַכט צו מיר
גערעדט און האָט געצערנט:
כ׳האָב פאַר אַ רמז איבער דיר
דעם הימל אויסגעשטערנט;

פאַר אַ דערמאָנונג, אַז איך האָב
מיט דיר אַ בונד פאַרשניטן;
איך האָב געשוואוירן דיר, און האָב
מייַן שבועה ניט געביטן . . .

„זאָלסט זיין, ווי זאַמד באַם ברעג פון ים;
ווי שטערן, וואָס אין הימל״.
און גאָט האָט איבער מיר פאַרשפרייט
אַ דינעם בעך פון דרימל.

באַר איך האָב אין מיין דרימלעניש
געוויינט מיט מידע טרערן: —
אָ, גאָט מיין האַר! וואָס האָסטו מיך
צעטיילט אַף זאַמד און שטערן?!

אַז איך בין שטויב — וואָס טרייסטו מיך
מיט שטערן און מיט שטראַלן?
אַז כ׳ליג צום שונאס פיס — צי קען
איך נידעריקער פאַלן?!

און גאָט האָט נאָכאַמאָל גערעדט,
נאָר איך האָב שוין זיין שטראָפן
געהערט, ווי ס׳הערט דאָס טויטע זאַמד
דעם ים . . . איך בין געשלאָפן.

# איך דעק מיין פנים אָפּ

מיין אויער האָט אינמיטן נאַכט דערהערט דאָס אייגן בלוט מיינס שרייען.
— זיי שטיל, מיין בלוט! וואָס האָסטו אין דעם חלום פון דער נאַכט געזען?!
— הכנעה־שרעק אין הבל׳ס אויג און מאָרד אין אויפגעביילטן פויסט פון קין.

— זיי שטיל, מיין בלוט! איך וועל דיר פותר־חלום זיין און דיך באַפרייען
פון חלום־אַנגסט. דו האָסט דיין אָוונט־ברויט צו שפּעט באַנאַכט געגעסן:
דאָס פעטע שעפּסן־פלייש, דאָס שוואַרצע ברויט מיט קעז —
צו שווער איז צו פאַרדייען.

— כ׳האָב דריי מעת־לעת געפאַסט. און איך די נאַכט געהערט צום תענית: —
פאַרבראַכט אין הויז פון גאָט: געלייטערט זיך אין פּיין, געררייניקט זיך אין תפילות:
געהערט אפילו, ווי אין שאָטן פון פרוכת וויינט די שכינה — גאָטס רחמנות...

נאָר אידער נאָך די האַנט פון שלאָף האָט מילד דאָס אויג פון טאָג געשלאָסן —
האָב איך געזען דעם לעצטן ברודער־מאָרד — אַן אויג אין צער, אַ פויסט אין בלוט;
געזען, ווי קין האָט זיין ברודער הבל׳ס בלוט פאַרגאָסן.

— זיי שטיל, מיין בלוט! איך דעק מיין פנים אָפּ. איך קום נתגלה ווערן!
און זע: — איך בין אַליין דער נבנע הבל און בין אויך דער מערדער קין: —
אין אויג — די ערשטע אימה פאַרן טויט; דער צייכן „מערדער" — אַף מיין שטערן.

# איך האָב געוויינט און נישט געהערט מיין אייגן קול

איך האָב געוויינט און נישט געהערט מיין אייגן קול,
ווי ס'איז דער שטייגער מיינער אַלעמאָל.
אַ קנויל פון ביטערניש געבליבן שטעקן איז בײַ מיר אין שלונג.
פאַרוואָר: —
ווי דער פאַרשאָלטענער מדבר־וואָגלער, וועלכער שטאַרבט פון דורשט
בײַם סאַמע ראַנד פון שפרודלדיקן ברונעם־קוואַל, —
פאַרחלשט ליגט צום גומען מיר מיין צונג —
אַ שטיין אַ שווערער אַפן מויל פון ברונען — און מיין האַרץ
גייט אויס נאָך אַ געשריי.
אַ וויסטע אימה האָט מיך מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט: —
אַז וויינד איז מיר און וויי!
אפילו שרייען, ווי דער שטייגער מיינער איז פון אַלעמאָל —
איז אין דער נאַכט, דערדאָזיקער, מיר שטרענג פאַרווערט: —
דאָס לשון האָט מיר אָפּגענומען, און איך האָב ניט מער קיין קול.
אַ ציטערניש אַ גרויס, אין מיר, האָט אויפגעציטערט מיטאַמאָל: —
אַ וואָלף! אַ וואָלף!

פאַר וויטיק, וואָס מיין קול געוואָרן איז אַ חיהשער געבּרום, —
האָב איך די ציין פאַרהאַקט; די ליפּן אין אַ קנופּ פאַרקניפּט,
און בין געבליבן, ווי דער מדבר — שטום!

נאָר אין בײַגער — די תפילה ליגט בײַ מיר אין האַרץ
זינט אַלטע דורות אָפּגעשפּאַרט: —
אָ, גאָט! אַנטפּלעק פאַר מיר דאָס מוראדיקע וואָרט,
וואָס זאָל דעם הימל שפּאַלטן, און אַ טרייסל טאָן די ערד!
אָ, העלף מיר, גאָט! אָ, העלף!
די נאַכט איז מיר אַ הייל פון פינצטערע גזלנים;
די שטערן — ברענענדיקע אויגן פון צערייסטע וועלף.
און די לבנה, איבער מיר — אַ בלוטנדיקע שווערד.

# ישראל דאַכאַוער אױפֿן טהרה־ברעט

ער קוקט אַרויף צו מיר פֿון קאַלטן טהרה־ברעט.
די אויגן גרויס און ברייט־צעעפֿנט, ווי בײַ אַ דערטרונקענעם.
די ליפּן איינגעצויגן, ווי אַ פֿריש־פֿאַרנייטע וואונד. פֿאַרשלאָסן. שטום.
און דאָך — דער אויער מײַנער הערט אַ חיהש־הייזעריק געבּרום,
ווי ס׳וואָלט אַ דבוק פֿון זיין אינגעווייד אַרויסגערעדט:

— דער בלאָנדער שד!
ער האָט אַ זעץ געטאָן מיר מיטן פֿויסט הינטערן קין,
און איינגעגעסן זיך אין מיר, ווי ס׳עסט זיך איין אַ שפּין
אין דער פֿאַרטײַעט־מידער פֿליג, וואָס צאַפּלט זיך אין שפּין־געוועב; —
געפּייניקט מיך, געפּייניקט און דערבײַ זיך איינגעהערט
צי צאַפּלט נאָך מײַן גוף, צי ציטערט נאָך מײַן האַרץ,
צי אָטעמט נאָך מײַן זעל און צי איך לעב.

דער בלאָנדער שד! —
גענורעט זיך, גערויעט זיך בײַ מיר אין לײַב;
מיר אָפּגעדעקט די אברים די פֿאַרבאָרגנסטע.
אפֿילו די, וואָס, אַז איך האָב זיי ווען אַנטפּלעקט —
בײַם שימער פֿונם נאַכט־לאָמפּ, אין די אייגענע פֿיר ווענט —
האָב איך אַראָפּגעלאָזט די אויגן און דאָס פּנים זיך פֿאַרדעקט
מיט מײַנע שעמעוודיקע הענט.

מיט ציין און נעגל האָט ער זיך אַרײַנגעביסן אין מײַן גוף.
און אַז איך האָב פֿון פּײַן זיך ווי אַ שטריק צונויפֿגעדרייט —
האָט ער זיך מיט מײַן ווייטיק, ווי אַ שד מיט פֿינצטערניש געפֿרייט.
און אַז איך האָב געזוכט די חיהשע גרימאַסן זײַנע אָפּצוטאָן פֿון זיך
און האָב די אויגן מײַנע, ווי צום שטאַרבן, צוגעמאַכט —
האָט ער מײַן אויער אויפֿגעשניטן, ווי מען שנײַדט פֿאַנאַנדער אַ געשוויר,
און אין די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון מײַן זעל אַרײַנגעלאַכט.
נאָר וויפֿיל ער האָט מיך געפּייניקט, האָט ער מיך ניט אומגעבראַכט.

פֿאַרוואָר — וואָס איז צו מיר דעם אכזרס רויער פֿויסט,
דעם רויבערס בלאַנקע האַק, דעם תּליונס שאַרפֿער שטריק —
דאָס רוב — אַ בענטשונג, אַ דערלייזונג, וואָס פֿאַרשפּאָרט
דיר איבעריקע גסיסה־רגעס און דערנענט

צום האַרצן דיר דעם לעצטן אויגנבליק —
אַ, ברודער מיינער! איך בין אומגעקומען פון זיין שענדלעך, גיפטיק וואָרט.

דו וואונדערסט זיך: — ווי קען מען דאָס באַגיין אַ מאָרד;
פּאַרטיליקן אַ לעבן מיט אַ וואָרט? אַ וואָרט ?!
וואָס הייסט אַ וואָרט ברענגט אום? וואָס הייסט אַ וואָרט דערשלאָגט ?!
אַ, ברודער מיינער! וויפיל שנאה, סם און גאַל זיין וואָרט פאַרמאָגט! —
איך האָב דאָך שוין פאַרזוכט אַזויפיל מיתות! נאָר דעם טעם
פון טויט, וואָס ליגט באַהאַלטן אינם אַכזרס וואָרט.
דאָס וואָרט, וואָס יערט און זייערט זיך און ווערט צו גאַל און סם
אין שונאס ביין און מאַרך, אין שונאס פלייש און בלוט —
איז ביטערער פון אַלע טויטן, וואָס איך האָב פאַרזוכט.
דערפאַר איז דאָס מיין לעצטער טויט. און דאָס איז גוט!

וואָס ווייסטו, ברודער מיינער אַף אַ קול? איז דאָס דערפאַר,
וואָס איך האָב זיך פאַרגונען אויסצוזופן ביזן סוף דעם גאַנצן בעכער גאַל,
און בלויז פונדיינעטוועגן אָפּגעשטעלט באַם סאַמע דנאָ אַ טראָפּן צער?
ניט ווייַן. עס איז אַזוי באַשערט. מיין גורל איז אַזאַ.
בין מער נישט קיין בעל־חוב. האָב אָפּגעצאָלט פאַר אַלע צייטן פון מיין זיין.
אפילו פאַר די דורות, די וואָס וועלן קומען קלאַפּן אין דיין טיר.
און אַלעמען און אַלע האָב איך אויסגעלייזט. און דאָס זאָל זיין מיין שכר!

איצט — איין בקשה נאָר: בעת דו וועסט באַגראָבן מיין געביין —
קריץ אויס מיט פייער אַף מיין פינצטערן מצבה־שטיין:
דאָ ליגט דער אויסגעלייזטער און דערלייזער. אים געהערט
דער קאַלטער שטיין, דאָס בערגל ליים, דאָס שטיקל אָרט.
געשטאָרבן איז ער ניט פון אכזרס פויסט, פון רויבערס האַק.
ער איז געשטאָרבן פונם שונאס שענדלעך, גיפטיק וואָרט.

# שוואַרצע פליגלען איבער מיר

אַ שוואַרצע קראָ אַף בלאַנקענדיקן שניי,
געפאַלן אַף מיין האַרץ איז מיר דיין אַנגסט־געשריי.

איך טרייב די שוואַרצע קראָ . . . געטריבן און — פאַריאָגט!
„פאַרפלויגן מיט דעם ווינט", האָב איך צו זיך געזאָגט.

דער הימל ווייס פון שרעק, די קראָען־פליגלען — שוואַרץ.
פאַרבלוטיקט, אין די נעגל אירע, צאַפּלט זיך מיין וואונדיק האַרץ.

אין ווייסן וויבט די שוואַרצע קראָען־פליגלען אויסגעשפּרייט.
מיין האַרץ — אַ פלאַמעדיקע כמאַרע, און — אַ רויטער רעגן גייט.

— פאַרשפּרייט אַריבער מיר דיין האַנט, אָ, גאָט!
דער שונא האָט מיין הויז צעשטערט;
מיין זעל געשענדט.
אויב מיר איז ניט באַשערט
צו זיין די שלום־טויב, —
ניט לאָז מיך זיין די שפּייז
פאַר קראָען אַף דער ערד!

# תפלה

אַלע ווערטער אויסגעיאָמערט,
אויסגעקלאָגט מיין לעצטע טרער.
כ׳בין אַ לעבעדיקער לאָגל
אין דער מדבר — טרוקן, לער . . .

פון מיין טיפן קוואַל יסורים
האָב איך מער ניט אָפגעשפּאָרט,
ווי אַ קללה פאַר דעם שונא —
נאָר מיר פעלט פאַר איר דאָס וואָרט!

שרײַבט אַף מיין צונג די קללה —
רויטער ראָסט אַף אַ קינזשאַל —
גאָט! די שנאה האָט דאָס האַרץ מיר
דורכגעפרעסן ביז דער גאַל!

איבערפילט מיט סם־המות —
אל נקמות! ווייז אַ נס!
פון מיין זעל דעם סם לאָז פלייצן,
נאָר — צעברעך ניט דאָס געפעס! . . .

רייס די צונג מיר אָפּ פון גומען,
און די לעפצן מיינע עפן!
גאָט! כ׳וויל זען מיט מיינע אויגן,
ווי מיין קללה וועט אים טרעפן!

# דאָס ערגסטע פון דער תוכחה

גענזאַלצן איז דער ים.
געזאַלצענער די טרערן
פון דעם וואָס וויינט פאַר גאָט
און גאָט וויל אים ניט הערן.

נאָך ביטערער איז דאָס וואָרט,
וואָס וויינט אונטערן גומען,
און בלוטיקט דורך די ציין
און קען צום ליפּ ניט קומען.

אויס טיפסטער טיפעניש,
געלייטערט אין יסורים, —
דאָס וואָרט געזאָלט האָט זיין
אַ לייכטענדיקער טורעם;

אַ שאַרפער שווערד, וואָס זאָל
דעם פייניקער פאַרלענדן;
דערלייזן ז י ך , און העל,
בצחונדיק צעבלענדן . . .

דעם אַכזרס פויסט איז שטאָל,
דאָס אויג זיינס — בלוט און שנאה —
אין פּחד ציטערט אויף
די בלייכע ליפּ, די דינע:

אָ, ביטער איז דער טויט.
נאָך ביטערער די הכנעה;
די אונטערטעניקייט
צום רשע און זיין רעה . . .

# אַ ידידי בריוועלע פון דרהיים

איך נעם די פעדער אין דער האַנט —
פאַראַנען פיל צו שרייבן,
עס פעלט מיר נאָך געמיטלעכקייט
די ווערטער אויפצוקלייבן . . .

איז — שרייב איך דיר בקיצור, פּראָסט,
אַ פּאָר געציילטע שורות.
און מחמת ס׳איז דער וועלט ניט גוט —
שרייב איך דיר דוקא בשורות.

איז, ראשית קום איך מעלדן דיר:
איך בין בקו־הבריאות.
דער פויער האָט געאַקערט שוין;
פאַרזייט אין דרערד די זריעה.

האָב היינט פאַרטאָג זיין פעלד געזען,
איך מאַטן מאָרגן־שאָטן.
מיר זאָגט דאָס הארץ, אַז היינטיקס יאָר,
אם־ירצה־השם, וועט געראָטן . . .

און אויך מיין גאָרטן הייבט אָן בליען —
איז דווקא מיר געפעלן,
אים לאָזן ניט אַרומגעצאַמט,
און קיין סטראַשידלע שטעלן . . .

איך וויל ניט שרעקן קיינעם נישט —
אפילו די וואָראָנעס!
און מחמת אַלע זענען בייז —
האָב איך אַף זיי רחמנות.

אַליין דער אויסדרוק, „שרעק", וואַרפט אָן
אַף מיר אַ מרה־שחורה.
איך קען פאַרטראָגן אַל־דאָס־בייז,
נאָר נישט דעם צער פון מורא.

און מחמת וואָס עס איז שוין שפּעט,
וועל איך מיין בריוול שליסן.
איך ווייס ניט ווער ס׳איז דאָ, ווער נישט . . .
נישט גרינג זיך צו דערוויסן.

אם־ירצה־השם, אַז איך וועל זיך
אַקאַפּ פאַנאַנדערקלייבן,
וועל איך פון יעדער פּיצעלע
דיר באריכות שרייבן.

# דער רייטער, דער ווייטער

צווישן נעכטן און מאָרגן —
צווײ לענדער אַזוינע —
ליגט דאָס לאַנד, וואָס הייסט היינט,
אַ פאַרוויסטס פון דעם שונא.

צווישן מאָרגן און נעכטן —
אַ מהלך, אַ ווייטער —
אַף אַ רייטפערד פון פייער —
אַן איינזאַמער רייטער.

ווער איז ער, דער רייטער,
אַפן רייטפערד פון פייער ?!
— דער נביא פון נעכטן.
פון היינט דער באַפרייער.

— אַף קידוש־השם ?! . . . און
אַליין ? אַן כלי־זיין ?!
ווער האָט אים געשיקט ?
און ווער וויל זיך באַפרייען ?!

— אַליין דער באַפעלער !
אַליין זיין באַגלייטער !
— געבענטשט איז דער ערשטער !
געבענטשט איז דער צווייטער !

עס טראָגט זיך דער רייטער,
אַפן רייטפערד פון פייער —
דער שטראָפער, דער רופער ;
דער נביא־באַפרייער.

פון ווייט האָט דער רייטער
זיין רייטפערד געטריבן.
— איז — וואָס איז ער פלוצים
גאָר שטייען געבליבן ?

— פון הינטער די זאַמדן;
פון צווישן די שטיינער,
זיך שאַרן, זיך שפּאַרן
צעטריקנטע ביינער.

אויס גריבער, אויס לעכער,
אויס נאָרעס, אויס היילן,
ווי זאַמד און ווי שטערן —
ניט איבערצוציילן!

און מחנה נאָך מחנה —
געפּאַנצערטע ריזן,
מיט פאָנען, מיט פאַקעלן;
מיט שווערדן, מיט שפּיזן — — —

און — וואו איז דער רייטער,
אַפן רייטפערד פון פייער?
— געקומען . . . געווען . . .
האָט געגעבן צושטייער!

— געקומען, געווען,
און איז נעלם געוואָרן?! —
— אין וואָלקן זיין גריווע!
אין ווינט זיינע שפּאָרן!

# ד — שכנישע הויפן

גרענד־פאַ טימאָטהי מעק׳גי

אַן טהי ראָד טו מענדעלעי

נאַראַזשאַס חלום

# „גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי

זומער. זונטיק שפּעט נאָך האַלבן טאָג.
אין שאָטן פון דעם אַלטן עפּלבוים, וואָס שפּרייט
די צווייגן זיינע ביז צום פאַרם־הויז־שוועל,
אַ מידער חלומט־אונטער „גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי.
דער שוואַרצער, קודלעוואַטער „ראָווער״, זיין געטרייער, אַלטער הונט,
אַן אויסגעשטרעקטער דרימלט לעבן זיינע פיס.
די אָפּגעבליאַקעוועטע ביבל ליגט אַן אָפּענע אַף זיינע קני;
דער ווינט, דער לינדער, מישט די בלעטער, די פאַרגעלטע, שלאַבערדיק און פויל.
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי.

פאַרביי זיין „האָמסטעד״ לויפט דער ברייטער, ברויגלעך־גרויער אַספאַלט־וועג,
וואָס איז אינגאַנצן נאָך ניט אַלט קיין זיבן וואָכעדיקע טעג.
אַ רוישיקער און שוואַרצער אויטאָ־שטראָם אַן אויפהער וואַשט
דעם ברייטן אַספאַלט־טראַקט פון סאַמע אינדערפרי;
פאַרשיכורט מיט זיין גאַזאָלין־געריך
די זאַנגען אַפן פעלד, די פירות אַפן בוים.
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי.

אַנטקעגן, פונקט איבערן וועג, צעשאָטן אינם גרינעם גראָז,
ווי נאָר־וואָס ערשט־געלייגטע אייער, ווייסלען זיך אַנטקעגן זון
געקאַלכטע הייזער ליכטיקע. — „וואו זענען זיי געוועזן פריער?״
פאַרחידושט זיך מעק׳גי. די שטאָט אַפּנים גייט אַף אים. זי גייט!
אָט זעט ער דאָך באַשיינפערלעך איר סליאַד . . .
די פרישע, נאָר־וואָס אָפּגעדרוקטע פוס־טריט פאַר זיין טיר.
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ״ טימאָטהי מעק׳גי.

מיט פיר־און־פופציק יאָר צוריק האָט די מלוכה אים, מעק׳גי,
געשאָנקען, פאַר זיין טרייען דינסט צום לאַנד, אַ גרויסן שטח מדבר־ערד,
אַ מעלקעדיקע קו, אַן אַקער־אייזן און אַ האָרעפּאַשנעם פערד.
אַליין האָט ער אין מדבר־לאַנד דעם ערשטן „האָמסטעד״ אויסגעבויט;
דעם שטיינערדיקן באָדן אויפגעאַקערט און פאַרזייט דאָס ערשטע ברויט . . .
דעם ערשטן ברונעם אויסגעגראָבן און

דערגרונטעוועט דעם ערשטן וואַסער־קוואַל:
אָ, גאָט! די פרייד בשעת דאָס בלויע וואַסער אָפּן ברונען־גרונט
האָט אינם ליכט פון ווייסן טאָג צום ערשטן מאָל געטאָן אַ שטראַל...
די חדוה בעת ער האָט דאָס ערשטע ניי־געבוירן קעלבעלע
אַף זיינע הענט אַרויסגעטראָגן פונם טוכלען שטאַל: —
אַ רויטס אין גרינעם גראָז... אַ פּיכטס, אַ ציטערדיקס... אַף אַלע פיר
געשטאַנען איז דאָס בלינצלענדיק מטושטש און פאַרגאַפט
די רונדע, גרויסע, טונקל־ברוינע אויגן אין דער זון...
די שמחה בעת די קוואַקע האָט די הינדעלעך די ערשטע אויסגעבריט;
די פרייד בשעת דער עפּלבוים, וואָס שאָטנט איצט זיין אַלטע הויז,
האָט אין אַ שיינעם, העלן פרילינג־טאָג
צום ערשטן מאָל זיך ווייס צעבליט —
אַ ליכטיקער אַז־ישיר, אַ געזאַנג צו פּראַצע, האָפענונג און מי.

האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

און אַז דער עפּלבוים, וואָס קאָרטשעט זיך
מיט אויסגעשטרעקטע לאַפּע־צווייגן פאַר זיין טיר,
האָט זיבן זאַטע זומערן געהאַט שוין אָפּגעבליט
און אָפּן לאַנד איז זיבן זומערן
דער קאָרן אויפגעגאַנגען און זיך צייטיק אויסגעגליט...
האָט טימאָטהי מעק׳גי, צום סוף פון זומער, באַלד נאָך שניט,
באַשלאָסן, אַז אַ פאַרמער קען זיך ניט באַגייען אָן אַ ווייב.
האָט ער זיך איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג אָפּאָרעט פרי,
זיך גוט אַרומגעוואַשן און די זון־פאַרברענטע מאָרדע גלאַט אַרומגעגאָלט;
דאָס פערד אין וואָגן איינגעשפּאַנט און זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין.
אין שטאָט האָט טימאָטהי געקויפט אַ גאָלדענעם קידושין־רינג
און חתונה געהאַט מיט סאַלי רוני, זייגס אַ גליד־גליד שוועסטער־קינד.
פון שטאָט איז ער אַרויסגעפאָרן מיט זיין סאַלין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט.
אַ מידע, אַ פאַרשלאָפענע, אין כלה־שלייער מיטן ווייסן קרענצל אויפן קאָפּ,
האָט ער זי, אינם בלויען אינדערפרי, צו זיך אין הויז אַריינגעבראַכט.
נאָך פרישטיק האָט זי אויסגעטאָן איר כלה־שלייער און דעם קראַנץ,
צעוואַשן דאָס געשיר, דעם אויוון איינגעהייצט און אויסגעמאָלקן אַלע קי.
באַם בלוילעכן שאַרייען פון דעם יונגן טאָג האָט טימאָטהי מעק׳גי באַמערקט,
אַז סאַליס צעפּ פאַרמאָגן זאַנגען־גאָלד, די אויגן — שטערן־גלי...
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

צום יאָר האָט סאַלי, אין אַ מזלדיקער שעה, געבוירן אים אַ זון.
אָ, גאָט! די שמחה בעת ער האָט צום ערשטן מאָל דאָס יאָטל זיינס
אַ הייב געטאָן אַף זיינע זון־פאַרברוינטע, האָרעפּאַשנע הענט
אַנטקעגן פענצטער, ווען דער פרישער אינדערפרי
האָט אַף די טוי־באַשפּריצטע שויבן רויט און גאָלדיק זיך צעברענט: —
„אָ, סאַלי, סאַלי! פונקט צווי טראָפּן וואַסער דו! . . .
איך וואָלט דאָך אים אַזוי־אַ צווישן טויזנט אַנדערע דערקענט!"
אַז סאַלי האָט געזען ווי אים געפעלט . . .
האָט זי אים יאָר נאָך יאָר געהאַט אַ קינד:
זעקס טעכטער, זיבן זין, און אַלע, קיין עין הרע, געראָטענע, ווי זי.
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

ווייזט אויס אַפּנים, אַז ס׳איז אמת וואָס מען זאָגט בא קלוגע לייט,
אַז דרייצן איז אַ שלים־שלימ־מזלדיקע צאָל.
ער זעט דאָך דאָס באַשיימפּערלעך בא זיך אַליין!
אין קינפּעט, טאַקע מיט דעם דרייצנטן, האָט סאַלי, פונקט ווי אַלע מאָל,
געהאַט דאָס קינד — אָט, ווי אַ הון, אַשטייגער, לייגט אַן איי.
נאָר נאָכן קינפּעט האָט זי עפּעס איינגעהויקערט זיך, געוואָרן מאָגער, ווי אַ כאָרט;
גענומען קלאָגן זיך, אַז עפּעס טוט איר הינטערן האַרצן וויי.
— אַ דאָקטער אפשר רופן, סאַלי? שאָקלט סאַלי מיט דעם קאָפּ אַף ניין
און שמייכלט אונטערטעניק: — עס וועט איבערגיין . . .
נאָר, איינמאָל, אין אַ שיינעם זומער־טאָג, אין אָנהייב שניט,
האָט סאַלי, ווי אַ סנאָפּ, זיך שווער אַוועקגעלייגט, באַנאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט,
געבעטן הייזעריק אַ טרונק, אַ זופּ געטאָן, און גלעזערדיק די אויגן צוגעמאַכט.
אַז טימאָטהי מעק׳גי האָט אינדערפרי געוואָלט וועקן זי —
האָט ער געפונען סאַלין, מיט אַ מילציק־בלויען פּנים, אויסגעדרייט צום וואַנט,
און אַפן האַרצן, ווי אַ בלייענע, געלעגן איז אין קראַמף איר רעכטע האַנט.
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

דאָס גאָלד פון סאַליס צעפּ זעט טימאָטהי מעק׳גי
זיך וויגן אַף די רייפע זאַנגען פונם פעלד.
די בלויקייט פון די אויגן אירע — אין די שטערן, נאַכט נאָך נאַכט!
דאָך, דאַרף אַ פאַרם אַ באַלעבאָסטע האָבן . . . דאָס איז קלאָר!
האָט טימאָטהי מעק׳גי אַ שוואַרצע „מעמי" פון דער שטאָט געבראַכט,
און אויך — אַ גאָר טשיקאַווע שטיקל נייס: —

אינגיכן נעמט מען בויען אין דער געגנט דאָ אַרום אַ באַן!
דער שטאַט האָט איינגעווילֿיקט און עס איז אפילו אויסגעאַרבעט שוין דער פּלאַן.
און איידער טימאָטהי מעק׳גי
האָט נאָך באַוויזן אויסצוטשאַדען זיך פון פוסטן קלאַנג,
האָט ער, אין אַ פאַרכמאַרעטן פרימאָרגן, אָנהויב האַרבסט דערהערט
אַ מוראַדיקן קראַך, אַשטייגער, ווי אַ דונער וואָלט פון הימל אומגעריכט
אַראָפּגעפאַלן און אַ ריס געטאָן פון אונטער זיינע פיס די ערד . . .
אָף מאָרגן אינדערפרי האָט ער באַמערקט צופוסנס פון זיין פאַרם
אַ שורה טונקל־ברוינע, ריזיק־גרויסע קעסלען פון טשוגון,
מיט לאַנגע, שוואַרצע, דינע העלדזער, שפייענדיק
מיט סאַזשע־שוואַרצע קודלעס רויך
און הוזשענדיק אַזוי, אַז אים האָט אַזש געהויבן זיך דער מוח . . .
און אַז די ערשטע שורות מיט וואַגאָנעס האָבן זיך עלאַסטיש, מיט אַ שלאַנגען־רייץ
פאַרבייגעטראָגן דורכן לאַנד, האָט טימאָטהי מעק׳גי זיך מיטאַמאָל דערוואוסט,
אַז אויסער מענטשן פירן זיי — קאַרטאָפּלעס, קרויט, מאַראַנצן, ציבעלעס און ווייץ,
חזירים, טראַקטאָרס, אייער, עופות, פערד, געהילץ און קי;
און אַז די שטעט און דערפער אַרום אים — מיט פרעמדע תבואות, פרוכט
און גאַרטן־גרינסן ווערן ממש איבערפלייצט . . .
האָ, מיד איז „גרענד־פאַ״ טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פאַ״ טימאָטהי מעק׳גי.

די זין און טעכטער וואַקסן, ווי די סאָסנעס אָפן באַרג,
און דאָך, באַמערקט ער, גליט אַן אומרו טיף אין זייער בלוט.
ער נישטערט אין די פנימער באַ זיי, ער זוכט אין זייערע אויגן טיף . . .
ער שפּיאָנט זיי נאָך די טריט . . .
און הייבט ניט אָן צו וויסן, וואָס מען טוט
און אַז זיין בכור האָט איינמאָל, בעת דער אַרבעט, אים אַ זאָג געטאָן:
„עי, פּאָפּ, איך זע דאָ אָף דער פאַרם קיין תכלית ניט פאַר מיר.
מיך ציט אין שטאָט אַריין״, האָט טימאָטהי מעק׳גי אָף אים אַ קוק געטאָן,
דערזען באַ אים אין אויג אַ קאַלטן גלאַנץ, וואָס האָט דערמאָנט
אָן בלויען שימער פון די קאַלטע רעלסן, וועלכע ציען זיך פאַרביי זיין לאַנד,
און האָט מיט אַ פאַרדומפּטן קול געזאָגט: „געזונטערהייד, מיין זון!
און זאָל דער גאָט, וואָס זיצט אין הימל, זיין מיט דיר!״
אָף מאָרגן, נאָכן זונס געזעגעניש, האָט טימאָטהי מעק׳גי
זיך אויפגעהויבן פון געלעגער פריער מיט אַ גאַנצער שעה,
דעם פאַס אַרום די לענדן שטייפער איינגעצויגן און מיט אַ געליימטער צונג,
אָן אָנגעלאָדענער . . . פאַר צווייען אָפּגעהאָרעוועט דעם גאַנצן זומערדיקן טאָג.

סוף זומער האָט אַ צווייטער זון זיך אָפּגעזעגנט און אַוועק — נישטאָ!
אין האַרבסט האָט זיך אַ דריטער אָפּגעריסן . . . ווינטער — גאַנצע צוויי.
אינאיינעם מיט דעם לאַנד אַרום איז טימאָטהי געוואָרן ווייס,
געוואָרן ווייס־פאַרווינטערט אינם ווינטערס ווינט און שניי . . .
די עלטער האָט זיך מיטאַמאָל געטאָן אַ כאַפּ אַרויף אַף אים:
אַ בויג געטאָן דעם רוקן, און אַ בראָך געטאָן די קני —
געוואָרן — „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

צעגאַנגען זיך, ווי זאַלץ אין וואַסער, זעגען זיי זיך, זיינע זין.
די שיינע טעכטער, די גראָטענע — זיי האָט מען גאָר צעכאַפּט באַ אים פאַרפרי.
האָט ער געדונגען מענטשן פרעמדע, אַנגעלאָפענע פון גאָר דער וועלט,
און האָט זיך צווישן זיי, ווי אַ פאַרלוירענער, אָן לשון, אַרבעטן געשטעלט.
אין שטאָט אַריין, גוט יום טוב ביטן צו די קינדער, קען ער ניט פאַרגינען זיך:
די פאַרם האַלט צו, און אגב, ווי פאַרלאָזט מען זיך אַף פרעמדע הענט?!
די אייניקלעך — זיי זעט ער זעלטן: אין אַ יום טוב, ווען ניט ווען . . .
ווען ער וואָלט זיי באַגעגנט סתם, וואָלט ער זיי אפשר ניט דערקענט! —
געלוינט זיך פראַצעווען פאַר זיי, זיך מפקיר זיין . . .
באַגראָבן אין דער ערד אַזוי פיל יאָרן שווייס און מי!
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

די זון הייבט אָן זיך זעצן, נעמט פּאַמעלעך אונטערגיין
און קעגן, איבערן וועג, די ווייסע הייזער אַפן גרינעם גראָז,
זיך נעמען מינען, מינען, מינען, ווערן שאָטנדיק און מאַטלעך־ראָז,
אַ רגע שפּעטער ציגדט זיך אין אַ פענצטער אָן אַ ליכט;
אַ שטיבל שמייכלט זיך פאַנאַנדער, ווי אַ קלוג און רעדעוודיק געזיכט:
אָ, „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
די שטאָט די גרויע גייט, זי גייט, זי גייט!
און זיי — די קינדער דיינע — וואַרטן אַף דיין טויט.
אָט באַלד, ווי נאָר דו מאַכסט די אַלטע אויגן דיינע צו —
וועלן זיי צעפּאַסעווען דיין בליענד, פרוכטבאַר לאַנד
אַף גאַסן אין דער לענג, און גאַסן אין דער ברייט.
די שטאָט, זי גייט אַף דיר, מעק׳גי! זי גייט, זי גייט!
אומזיסט דיין ראַנגלען זיך עקשנותדיק, אומזיסט דיין מי!
האָ, מיד איז „גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

די זון פֿאַרגייט, דער מערב זשאַרעט אויס זיין לעצטן גאָלד.
דאָס גאָלד פֿון סאַליס צעפּ —
פֿאַרשאָטנט דרימלט אַף די זאַנגען וואָס אין פֿעלד,
דאָס בלויקייט פֿון די אויגן אירע — אין די ערשטע שטערן פֿון דער נאַכט: —
אָ, סאַלי! איינאַליין געלאָזן האָבן זיי מיר שטאַרבן אַפן פֿאַרם!
נאָר, ניין! ביי גאָט, עס טאָר אַזוי ניט זיין.
נאָך מאָרגן אינדערפֿרי וועט ער אין שטאָט צום אַדוואָקאַט אַריין . . .
וועט איבערשרייבן די צוואה זיינע גאָר פֿונסניי!
דעם אַדוואָקאַט וועט ער באַצאָלן גוט, וועט ער באַוואָרענען,
אַז אַלץ זאָל זיין פֿאַרצייכנט פּינקטלעך, קלאָר און וואָר און שאַרף,
געזעצלעך־שטאַרק: —
„איך, טימאָטהי מעק׳גי:
באַ אַלע מיינע חושים און באַם פֿולן מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד,
שרייב איבער אַף דער שטאָט
אײַנגאַנצן מיינע זיבן הונדערט צוואַנציק אַקער לאַנד,
בתנאי — זי וועט מיין ערד פֿאַרוואַנדלען בלויז אין אַ רשות־הרבים פּאַרק.
— די זין און טעכטער לאָזט ער ניט קיין פּרוטה נאָכן טויט, קיין טפח ערד!
דעם קלויסטער לאָזט ער איבער זיינע אַקעראייזנס, וועגענער און פֿערד,
דעם רומאַטיזנעם בריוונטרעגער לאָזט ער זיין געטרייען, אַלטן הונט,
דער שוואַרצער „מעמין" — זיין פֿאַרברוינטע ליולקע און זיין „דזשין".
צום הקדש שרייבט ער אָפּ — די עופֿות און די מעלקעדיקע קי.
און אונטער אַלעם דעם וועט ער זיך חתמענען . . .
דעם פֿולן נאָמען: — טימאָטהי מעק׳גי,
„גרענד־פּאַ" טימאָטהי מעק׳גי.

# ON THE ROAD TO MANDALAY

וואָס איז דאָס פאַר אַ פויגל, וואָס פאַרגינט זיך פייפן
מיט אַזאַ מין פריי און גרינג געמיט
אין ביימער פון אַ פאַרק, וואָס ליגט אינמיטן פון אַ רוישנדיקער שטאָט? —
אַ „פויגל״ טאַקע איז דאָס, נאָר — אַף ביימער לעבעדיקע זינגט ער ניט.
געקומען איז ער מיט די גרויע כוואַליעס פונם ברייטן ים.
געבראַכט צוויי גרויסע, בלויע אויגן און אַ קוטשעראַוון קאָפ — געדיכטן פלאַם.
די שיף, וואָס האָט אים פערצן טעג געהוידעט אַף די כוואַליעס, איז צוריק
צום לאַנד פונוואַנען ער איז אָנגעשוואומען, אַ ברוגזע אַוועק,
און אים געלאָזן אַף אַ פרעמדן זאַמד־געזוימטן ברעג. —
אַ רויטער הפקר־פויגל . . . צוואַנציק ווייסע זומערן;
אַ ניט־פאַרמעקטן גרוילעך־גרינעם וואַסער־שראָם . . .
אין גראָז אין גרינעם, מיט אַ קופער־רויטן פנים צו דער זון —
פאַרגייט ער זיך אין אַ צעשויבערט פייפעריי —
דער רויטער „האָבאָ־פויגל״, דעני דאָנעוואַן אָ׳דיי:
On the road to Mandalay

פאַרוואָס זאָל ער ניט פייפן מיט אַ פריי און גרינג געמיט? —
דער פויגל אַפן בוים פאַרמאָגט אַ וואַרעם, אויסגעבעטן נעסט.
דער פרילינג קומט — אַ שמעטערלינג . . . אַ פלאַטער און — פאַרביי.
און דעני דאָנעוואַן אָ׳דיי, דער רויטער טרעמפ —
אַ ווינט אין פעלד, אַן אָדלער אין די כמאַרעס — פראַנק און פריי!

פאַרוואָס זאָל ער ניט זינגען, אַז וואוהין ער קומט
נעמט גרינען אונטער זיינע ברייטע, פלאַכע טריט;
די ביימער גרינען זיך פאַנאַנדער, ווערן שאָטנדיק, געדיכט און קיל.
די גרויע, רעשדיקע שטאָט — וואָס אַרט אים וואָס זי וויל?!
גענוג, וואָס ער איז יוצא און ער טראָגט עס צוליב איר
אַן אָפגעריבן־גרינע זשופיצע פון אַ מאָנאַך, אַ וויסטן בעל־עברהניק;
צערעפעטע צוויי דורך און דורכגעפוילטע שיך —
ווי אָבדיעריקעס אַף די קלעצלדיקע, שווערע פיס.
און טאָמער איז ער פאָרט ניט יוצא — זאָל זי קושן אים אין פליך!

פאַרוואָס זאָל ער ניט פייפן מיט אַ פריי און גרינג געמיט? —
דער עושר האָט אַ ווייסן מאַרמער־פאַלאַץ — נעמט ער אים אַרום
מיט אייזערנע שטאַכעטן, שטעכיק דראָט און בייזע הינט.

און ער — דער רויטער דעני דאַנעוואַן אַ'דיי —
פאַרמאָגט אין יעדער שטאָט, וואוהין ער קומט — אַ גרינעם פּאַרק,
וואָס נעמט אים אויף ניט ערגער ווי דעם ווייבט . . .

די זון פאַרגייט און דעני דאַנעוואַן אַ'דיי,
מיט אַ צעקנייטשטן קאָרע־פּנים ליגט נאָך אַלץ אַן אויסגעצויגענער אין גראָז,
אַנטקעגן לעצטן רויטלעניש פון זומערדיקן אָוונט־ליכט,
און ציילט מיט זיינע שוואַרצע ליפּן, אינם רויזלדיקן נעפּל — ווייסע שאָף . . .
אַ פויגל פלאַטערט, אַ פאַרשפּעטיקטער, אַהיים. אַן איילנדיקער עקדיש קריכט . . .
און דעני דאַנעוואַן אַ'דיי — הערט, ווייט פון לעצטן אונטערגייענדיקן ברעג
זיך הוידעט, ווי אַ בלאַסער זעגל אַף די שאָטנדיקע כוואַליעס פונם שלאָף: —
**On the road to Mandalay**

פאַרוואָס זאָל ער ניט פייפן מיט אַ פריי און גרינג געמיט,
בשעת די זון גייט אויף; בשעת די גרויע שטיינערדיקע שטאָט,
אַ מידע, מיט אַ שלאָף־צעקנייטשטן פּנים, טראָמפּלט מיט מיליאָנען טריט
און שווייגענדיקע הענט צו פּראַצע, מי און קלייענדיקן, שוואַרצן ברויט —
אַז ער האָט נעכטן נאָך פאַרזאָרגט זיך מיט אַ ברוינעם „קאָסטאַרד־פּאַי",
וואָס ער האָט אויסגעהנדלט באַ דעם פאַרמערס פרישטשעוואָטער, אַלטער מויד; —
אַ קאָוועץ, מיט אַ האַרץ, וואָס איז נאָך רויטער ווי דאָס אויפגיין פון דער זון
האָט ער געפונען הפקר ליגנדיק באַם סאַמע פאַרמערס פּלויט . . .
האָט ער אים אויפגעהויבן און פאַרשטעקט באַ זיך הינטערן קאָמזויל.
איצט דאַרף ער זיך ניט איילן אויפצושטיין . . .
איז ליגט ער און ער קוקט זיך איין
באַם שטיינערנעם באַסיין — דריי פישער, אויסגעהאַקט פון טונקעלן גראַניט,
זיך שפּיגלען אינם רונצלדיקן, שטילן וואַסער אָפּ.
איין פישער האַלט אין האַנט אַ נעץ און זוכט פאַנאַנדערפלאָנטערן אַ קנויל . . .
דער צווייטער האַלט אַ צאַפּלדיקן פיש מיט אַ צעעפנט דורשטיק מויל.
דער דריטער — מיט פאַרזאָרגטע אויגן קוקט צום הימל שטום און היט
די ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס ציטערן אַריבער זיין פון ווינט־צעקעמטן קאָפּ.

דאָס וואַסער מורמלט אין באַסיין און וועקט אים:
אָ, דעני דאַנעוואַן אַ'דיי! אָ, דעני דאַנעוואַן אַ'דיי!
און דעני דאַנעוואַן אַ'דיי צעפייפט זיך מיט אַ גרינג און פריי געמיט:
**On the road to Mandalay**

און אַז אַ פויגל, איילנדיק זיך אינדערפרי,
צוליב אַ ווערעמל אין גראָז, פאַרלירט אַ פלעסטערל . . . בשעת עס פליט,
און ער דערפילט אַז אים איז עפּעס פייכט
און וואַרעמלעך געוואָרן אַפן סאַמע מיט פון ברודנעם פליך —
דערלאַנגט ער מיט דער שאַרשקער דלאָניע זיך די ליסענע אַ וויש,
פאַררייסט די בלויע אויגן צו דעם הימל און צעשמייכלט זיך:
ער דאַנקט דעם בורא עולם, וואָס די קי, דעם פאַרמערס, פליען נישט . . .

פאַרוואָס זאָל ער ניט פייפן מיט אַ גרינג און פריי געמיט? —
אַף וויסטע וועגן דורך דער מדבר טראָגן זיינע טריט
דעם אַראָמאַט פון פריש־געקאָסעט היי, דעם ריח פון וואַרעם־פייכטער ערד,
די זריעות פון אַ פרעמדן, זאַטן לאַנד, וואָס זיי איז בלינדערהייד באַשערט
צו שפּראָצן און פאַנאַנדערבליען זיך אין גרויען מדבר־זאַמד, אין סליאַד
פון דעני דאנעוואן אָ׳דייס פאַרמעקטע, ווינט־פאַרווישטע טריט . . .
און בעת ס׳וועט רעגענען אין וויסטן, ברוינעם מדבר־לאַנד,
און פון די בערג אַרום וועט נידערן דער ווינט, וועט דעני דאנעוואן אָ׳דיי,
אַ פרייער, אין דער פריירי ווידער טאָן אַ פּאָך זיין האָריקע גאָרילא־האַנט
צום ברוינעם פראַכט־צוג, לויפנדיק פאַרביי מיט אַ צעשויבערטן געשריי,
און זיך אין ווינט פאַנאַנדערפייפן מיט אַ פריי און גרינג געמיט —
On the road to Mandalay

# נאראזשאס חלום

אַ שויביקער קאַוויאַר.
אַ קאַרב מיט גרינע שלאַנגען.
נאראזשא זיצט אין מאַרק,
און ציקלט זיך געזאַנגען.

אַן עולם קלייבט זיך אויף —
וואָס איז דאָ זיך צו איילן? —
נאראזשא איז ניט קראַנק
זיי אַלעמען פאַרווײַלן!

נאראזשאס גוף איז דאַר,
זיין הויט איז ברוין ווי זאַנגען —
וואָס האָט ער אַף דער וועלט?
— אַ קאַרב מיט גרינע שלאַנגען.

סאַהיב פאַרמאָגט אַ שלאָס,
און זיבן פעטע ווייבער,
און ער — קיין איינע ניט —
ער איז נישט קיין איבערקלייבער!

אַוועלכע סע ניט איז —
אַלאַ זאָל זיך דערבאַרמען!
און רייניקן זיין גוף,
דאָס האַרץ זיינס אים דערוואַרמען!

אַן אייגענעם געצעלט,
אַ ציג, אַ בוים, אַ ברונען;
אַן אייגן העמד צום לייב,
פון אייגן פלאַקס געשפונען!

דעם עולם עסט זיך צו
נאראזשאס איכה־לידער.
נאראזשא בלייבט אַליין,
און דרימלט איין אַ מידער.

דער טאָג פאַרגייט מיט רעש,
דער אָוונט קומט אין שלום.
דער מאַרק איז ליידיק וויסט —
נאַראַזשא זעט אַ חלום:

אין ווייסן איינגעהילט
שטייט איבער אים געבויגן,
אַלאַ, און קוקט אַף אים
מיט מילדע שעפּסן־אויגן: —

„נאַראַזשא, ס׳האָט דיין ליד
דאָס האַרץ מיינס מיר געפאַנגען.
איך האָב דיין צער דערפילט,
און דיר געבענטשט די שלאַנגען:

„זיי זאָלן זיך באַ דיר
נאָר פרוכפּערן און מערן,
און וואַקסן זאָל מיט זיי
דיין קאָרב און גרעסער ווערן!

„און קומען וועט אַ טאָג
און ס׳וועט געשען אַ וואונדער —
פאַרוואַנדלען וועט אין גאָלד
זיך יעדער שלאַנג באַזונדער.

וועסט האָבן סטאַדעס שאָף,
און מאַרמערנע פּאַלאַצן,
און פעטע ווייבער דריי —
עשירות — נישט צום שאַצן!

וועסט האָבן אייזלען, קנעכט;
משקאות פולע פעסער —
נאַראַזשא, זע דיין קאָרב —
ער וואַקסט, ווערט גרעסער, גרעסער!

נאַראַזשא קוקט און זעט —
זיין קאָרב ווערט ברייטער, העכער:

דער שאָטן זיינער פּאַלט
אַף גאַסן, וועגט און דעכער.

נאראזשאן קוועלט דאָס האַרץ:
וואָס גרעסער עס וועט ווערן
זיין קאָרב — אַלץ גיכער וועט
זיין גאָלד זיך אים פאַרמערן.

די נאַכט איז זילבער־בלוי,
עס טאָגט, עס קרייען העגער.
זיין קאָרב — רק וואַקסט און וואַקסט,
און ער — ווערט קלענער, קלענער.

דאָס קלענסטע בריאהלע,
אין רוים פון גאָטס יצירה: —
אַ פליג. אַ פלוי. אַ מילב.
אַ — רואה ואינו נראה!

נאראזשא ציטערט אויף.
ער הערט אַ טויב געווימל: —
— נאראזשאזע! דיין קאָרב
פאַרשטעלט פון אונדז דעם הימל!

— פאַרהאַלט די וואָלקנס אונדז;
— ער לאָזט ניט צו דעם רעגן.
— מיט ביינער ווייס פאַרזייט
אַרום אונדז אַלע וועגן!

— ער שטעלט די ווינטן אָפּ;
באַהאַלט פון אונדז די שטערן!
— נאראזשא, אונדזער לאַנד —
אַ וויסטעניש וועט ווערן!

— די זון האָט זיך געזעצט,
און מער ניט אויפגעגאַנגען.
— נאראזשא, נעם צעברעך
דיין קאָרב און טייט די שלאַנגען!

— ג א־ר־א־ז־ש־א־א־א־א — — — —

נאראזשא כאַפּט זיך אויף
פון שלאָף. זיין אויג באַגעגנט
אַ כמאַרנע נאַכט — זיין קאָרב
איז ליידיק און עס רעגנט.

— אַלאַ, דו האָסט מיך ערשט
געשטעלט פאַר אַ נסיון —
כ׳בין זינדיק, שפל, קליין . . .
דו טאָרסט מיר ניט געטרויען!

איך האָב געגלוסט צו גאָלד;
תענוגים צו געניסן; —
האָב לענדער וויסט געמאַכט;
האָב לעבנס אויסגעריסן . . .

נאָר דו, אַלאַ, ביזט פול
מיט רחמים צו דעם מענטשן: —
דו זעסט זיין שפלקייט; —
פאַרגיסט, און טוסט אים בענטשן.

די שלאַנגען האָט דער ווינט
דערטרונקען אין דעם רעגן — — — —
אַ פוסטער קאָרב, אַ זאַק —
גענוג פונמיינעטוועגן!

כל־זמן דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט,
און רחמים איז פאַראַנען —
זאָל מיך דער פוסטער קאָרב
מיין נישטיקייט דערמאַנען . . .

*
**

דער הימל וויישלט זיך,
ס׳שטראַלט דער מאָרגנשטערן.
נאראזשא ליגט אין שטויב
און וויינט מיט האַרבע טרערן . . .

# ה—מעשהלעך און באַלאַדן

די געשיכטע וועגן אַ שטאָט וואָס אַ מכשף, אַ לץ האָט געמאַכט

אַ מעשה וועגן אַ נאַרישן קיניג און אַ כיטרען בעטלער

דער אָרעמאַן און די גאָלדענע שלאַנג

דריי בעטלער מיט איין אויג

דער קינזשאַל

טשאַרלי מע־קאַרטי דערמאָנט זיך

# אַ געשיכטע וועגן אַ שטאָט, וואָס אַ מכשף, אַ לץ, האָט געמאַכט

צי איז די מעשה מיט דעם טייך סמבטיון אַ לעגענדע נאָר,
צי איז דאָס אמת און ס'איז ערגעץ אַ סמבטיון טאַקע דאָ —
ווייל איך ניט ערב זיין, און זוכן — ווייס איך אַפּילו ניט וואו.
נאָר ניט פון אומרו וואָלט איך וועלן דיר דערציילן הייַנט,
נאָר גראָד פון שטילער, דינער ליכטיקייט; פון שלום און פון רו,
אַזאַ ווי די, וואָס נידערט אַף דעם טייך סמבטיון אין דער ערב־שבת שעה.
נאָר גיי דערצייל פון עפּעס, וואָס איז אַף דער וועלט נישטאָ!

***

געלעבט האָט אַף דער ערד אַ לוסטיקער מכשף און אַ לץ־להבעיסניק,
וואָס האָט פון מענטשן־מין געחוזקט, און געווידערשפּעניקט גאָט.
דערדאָזיקער מכשף האָט שוין וועגן טייך סמבטיון יאָ געוואוסט,
האָט אָבער אים דער וועלט אַ שפּיצל אָפּטאָן זיך פאַרגלוסט.
איז ער אַוועקגעגאַנגען, אין אַ טריבן אינדערפרי, און אויפגעשאַרט
די הורבעס שטיינער, וואָס דער טייך סמבטיון וואַרפט אַרויס,
און האָט אין איין כהרף־עין אַף אַ שמאָלן אינדזל — אַ כזית ערד —
אַוועקגעשטעלט אַ שטיינערנע סמבטיון־שטאָט —
להכעיס מענטש און גאָט.

ניט מער — אַנשטאָט די איינע ערב־שבתדיקע שעה פון שטילער רו,
וואָס גאָט האָט צוגעטיילט דעם טייך סמבטיון, ווען דער אומרו רוט —
האָט ער געטאָן אַ חסד מיט דער שטיינערדיקער שטאָט,
און האָט איר צוגעטיילט, נאָך יעדער נאַכט, אַן ערב־אומרו שעה:
אַזאַ מין רו, די שטילקייט, וואָס איז גאָט.

און אויפגעשטאַנען איז די שטאָט.
דער וואונדער פון דער וועלט. דער אומרו פון דער ערד.
בנינים — ווילד, גראָטעסק! פון שטיין און שטאָל, פון אייזן און טשוגון.
אַזעלכע דור־הפלגה טורעמס, וועלכע לעבערן די וואָלקנס מיט די קעפּ;
וואָס שטעכן אויס דער נאַכט די אויגן, און וואָס רייסן אויס
באַם שטורעמווינט די גרויע צעפּ;
וואָס וואַרפן אָן אַ מרה־שחורה אַף דער זון.

אַ שטאָט מיט מאַרמלשטיינערנע פּאַלאַצן, וואו דאָס רשעות וואוינט;
מיט היילן פינצטערע; קאַנורעס, וואו עס פּרוכפּערט זיך די נויט,
און וואו די טעכטער פון דעם אָרעמאַן, דעם אביון, שלאָפן ניט באַנאַכט,
און טראָגן אום פאַרקויפן זייער לייב פאַר בראָנפן ביטערן;
פאַר זאָקן זיידענע, פאַר פּאַטשרקעס פון גלאָז;
פאַר שווינדזוכט, סיפיליס און ברויט.

אַ שטאָט מיט טעאַטערע; קינאָס, וואו פון ליילעכער פון גרויע שרייט אַרויס
אַ וועלט מיט פאַרב און קלאַנג; אַ וועלט פון חלום, חזק און קאָשמאַר.
אַ שטאָט מיט ליכט־פאַרמורזעטע בורלעסקן, וואו דער בור,
דער טומטום און דער חם, גייט זען פאַרוויאַנעט פּרויען־לייב,
און הערן נבול־פּה, און הייזעריקן „דזשעז".
און קאַבאַרייען, וואו עס טאַנצט דער באָק, דער הולטיי און דער נאַר,
צום ריטם פון זיין בלאָנדער דאַמעס בריסט, און היפּטן וואַרעמע —
אַ תענוג, וואָס עס קאָסט אים אָפּ —
אַ מאָלצייט מיט שאַמפּאַניער און קאַוויאַר.

אַ שטאָט מיט רעסטאָראַנען; קאַפעטעריעס,
וואו די קעלנער זינגען „אָפּערע" און „דזשעז",
און וואו די קונדן גייען מיט די טאַצן, און מען שפּאַרט זיך ווי נאָך עפּעס רעכטס
אַרום די הייסע טעפּ, וואו מיידלעך מיט געפאַרבטע שמייכלען טעכערן דיר אויס,
אַף טעלער שווייסיקע, דאָס ביסל הייס צעפּאַרעטן געקעכץ.

אַ שטאָט מיט פּיסקעוואַטע ראַדיאָ־גרילצער, וואָס פאַרטשאַדען דיר דעם קאָפּ
מיט זייער סעדעכץ־געשריי, מיט זייער ליאַרמען: — קויפט, קונים, קויפט!
קאָרסעטן. קליידער. קאַווע. קרקע. קעז. קאָנפעקטן. קאָלבאָס. קרייד.
ציגאַרן. צימערינג. צוקער. צירונג. צוואָרעך. צייטונגען און ציין.
זשורנאַלן. זאָקן. זייגערס. זענעפט. זריעה. זילבער. זייף און זייד.

אַ שטאָט, וואו טויזנטער טראַמווייען בריאַזגען, קלינגען, וואויען נאָכאַנאַנד.
און באַנען, אונטערערדישע, דורך פינצטערע טונעלן הוזשען ווי דער ווינט
דורך וויסטע היילן און קאַנאַוועס פון אַ שטיינערדיקן באַרג.
און שיפן, אין די טויזנטער, זיך לאָזן איבער אַלע וואַסערן אַרויס
צו כאַפּן קונים, וואָס ס'איז נויטיק אָפּצוקויפן די מציאות כל'ערליי,
וואָס שטייען אויסגעשטעלט, ווי טשוטשעלעס, אין אַלע פענצטער, וואָס אין מאַרק.

אַ שטאָט, וואו מענטשן האָבן קיינמאָל ניט קיין צייט,
און שמייען, לויפן, יאָגן, איילן זיך,
ווי ס'וואָלט אַף יעדערן פון זיי געוואַרט —
אַן אוצר; אַ מאַיאָנטעק; אַ — ירושה פון אַ פעטער, אַ מאַגנאַט.

נאָר ניט פון לויטער אומרו, רשעות וואָלט איך וועלן דיר דערציילן היינט,
נאָר אויך פון וועגן צוויבער, וואָס די שטיינערנע סמבטיון־שטאָט פאַרמאָגט.
דאָס איז אַ צוויבער־מעשהלע אַזאַ, וואָס דער מכשף רופט — „די ערב־אומרו־שעה".
דאָס מעשהלע דערציילט פון — הימל, זון, לבנה, שטערן, נאַכט,
וואָס דער מכשף האָט באַשאַפן אייגנאַרטיק פאַר דער שטיינערדיקער שטאָט.
די אַלע ליכטיקייטן זענען גאָר אינגאַנצן אַנדערש איידער די, וואָס גאָט
האָט אין דעם פערטן טאָג פון זיין יצירה אָנגעצונדן אַף דער ערד.
(און אין דעם ליכט דערזען דעם טעות, וואָס ער האָט געמאַכט —
אַרויסגעצויגן פון דער פינצטערניש — אַ בלינדן קראָט).

דער הימל, וועלכער הענגט אַרום דער שטיינערנער סמבטיון־שטאָט, באַטאָג,
איז שווער אַזוי ווי בליי, און מוטנע־גרוי אַזוי ווי צין.
די זון — אַ געלע לאַטע, אַ פאַרזשאַווערט שטיק טשוגון.
און די לבנה — אַ פּאַיאַץ, דאָס פנים אויסגעשמירט מיט קרייד.
די שטערן אָבער, וועלכע דער מכשף האָט באַשאַפן פאַר דער ערב־אומרו שעה —
צעהאַנגען איבער אַלע טורעמס פון דעם ווילדן לאַבירינט —
בורשטין. די ציטערדיקע שטראַלן — דין אַזוי ווי זייד.

און שיין איז אָ־די צוויבער־שעה אין אַלע צייטן פון דעם יאָר. ניט גראָד
אין פרילינג־צייט בשעת דאָס נאַקעטע שטיק ערד, דער פּאַרק, דערלאַנגט אַ גרין.
צי זומער, ווען די דעכער פּאַרען, ווי צעגליטע ציגל אין אַן אָנגעהייצטער באָד.
אפילו אָסיען־צייט, בשעת דער נעפּל פון דעם ים ליגט אַף דער שטאָט פאַרשפּרייט,
און ס'רעגנט — איז זי שיין, די צוויבערלעכע ערב־אומרו־שעה.
צום וואונדערלעכסטן איז זי אָבער אין די ווינטערדיקע נעכט,
בשעת די שטאָט, אַ וויים־פאַרווינטערטע,
דערהייבט זיך אין דער נאַכט, און ס'שנייט.
דערזעסט פון הינטער גראַטעס זילבערנע לויכט אויף פאַר דיר אַ צוויבער־שפּיל.
מיליאָנען פייערן, פון כל־המינים פאַרבן מישן אויף זיך מיט דעם שניי —
אַזאַ פאַרבלענדעניש, וואָס שיכורט אין דיין בלוט; וואָס טוט דיר ווי:
ווי נאָר דער טויבער טאָג וועט טאָן אַ שטעל אַוועק זיין ערשטן טראָט,
וועט זיך דאָס כשוף־ליכט, די ווייסע רו פאַנאַנדערגיין,
ווי רויך אין ווינט, ווי דאָס געוויין פון בעטלער אינם מאַרק־געשריי.
ווי בלודנע טריט פון בלודנעם הונט אין אַספאַלט פון דער שטאָט.

אַזוי פיל פייערדיקע פערל־בייטשן הענגען איבער אַלע גאַסן פון דער שטאָט;
אַריבער פון די שטריקגעקניפּטע בריקן, וועלכע הענגען אין דער נאַכט
זיך מינען שנורן קרעלן, בלינצלענדיק
מיט אַלע פאַרבן פון דעם רעגנבויגן־ליכט.
די טורעמס — מיט קאָלירטע פייער־מיצן הוידען זיך באַם ברעג פון ים,
און אויפן העכסטן טורעם פון דער שטאָט — אַ קראַנץ אבנים טובות כל׳ערליי,
וואָס דער מכשף, דער להכעיסניק, האָט אין אַ רגע, בלינדערהייד געמאַכט.

***

דאָס איז די ערב־אומרו־שעה!
דער ערשטער שפּראָץ פון ערשטן מאָרגן־גלי —
די רו. דער שלאָף, וואָס ווערט, ווי ווין געצייטיקטער —
נאָך זיסער אויף די ליפּן פון דעם מידן אינדערפרי.

דער הימל, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג געווען אַ ציבעגער — ווערט בלוי —
אַזוי ווי ווייַרעך, דין, דורכזיכטיק, ווי אַ טראָפּן טוי.
די שטערן ווערן שיטערער, און בלייכער אין דער אונטערגייענדיקער נאַכט —
אַ פאָדים ליכט.
אַ פאַסמע זייד.
אַ טאַשמע גאָלד.
אַ צייכן קרייד;
אַ הויפן בלויע פונקען אויפן פייכטן אָפּגלאַנץ פון דעם בריק: —

עס טאָגט!

אַ רגע, און דער טורעם־זייגער אין דעם נאָנטן ערגעץ־וואו
וועט טאָן אַ כמורנעם מרוק, אַ הוסט, אַ הייזעריקן ברום —
בום... בום־ם־ם.. בום־ם־מ־ם... בום־מ־מ־ם... בום—מ—מ—מ—ם!

געווען, פאַרגאַנגען, און — נישטאָ!
דאָס מעשהלע — די ערב־אומרו־שעה.

און ווידער טוט אַ זעץ אין אויער דיר דער אויסגעשריי,
אַן איבער־אָנגעצויגענע שפּרונזיגע פּלאַצט מיט אַ געקוויטשעריי,
עס פּלאַטערט אויף אַ קנויל — מטושטש־ווילדע קולות כל־ערליי —
דאָס אויסגעשריי פון טורעמס, דעכער, פענצטער, קוימענעס און ווענט.

דאָס איז דאָס ביטערע געוויין — אַ כאָר פון מוסקולן, פויסטן, הענט —
וואָס פּרואווט פאַרהאַלטן נאָך אַ רגע כאָטש דעם שפּונט, וואָס האַלט פאַרקאָרקעוועט
דעם איינגעוויגטן פיבער־אימפּעט — האָפן פון יסורים, בראָע פון נויט,
וואָס יערט, וואָס זייערט זיך, און שפּילט אין שטיינערדיקן פאַס —
די שטאָט, וואָס דער מכשף־לץ האָט אויפגעבויט.

איצט . . . וואויען די פאַבריקן־קוימענס, ווי הונגעריקע וועלף,
געריצט פון צאַפּלדיקן פלייש און וואַרעם בלוט —
אָ, העלף אונדז, גאָט! אָ, העלף!
געעפנט האָט די גאָס, די ברודיקע, איר אונטערערדיש מויל אָן ציין;
די שוואַרצע יאָסלעס, נאַקעטע; דעם טוכלען געניצדיקן שלונג;
דאָס ברומענדיקע אינגעווייד פון ענגן סאָבוויי־בויך —
דער הונגעריקער לויתן, וועלכער שלינגט מיליאָנען לעבנס איין באַטאָג,
און שפּייט זיי אויס באַנאַכט — צעפּאַרעט מיסט,
וואָס ווערט פאַרוואַנדלט מיט די שעהן פון דעם טאָג
אין שטיין, אין שטאָל, אין שטויב, אין רויך.

***

— ווער זיצט דאָרט אויפן העכסטן פון די העכסטע טורעמס פון דער שטאָט?
— דער לוסטיקער מכשף־לץ. ער כיכעט, פרייט זיך; פּליעסקעט מיט די הענט:
ווער ווייסט וואו דער סמבטיון שפּייט מיט שטיינער אַף דער זון?
איך האָב אַליין מיר אויסגעכישופט אַ סמבטיון אַף דער ערד —
אַ שטאָט פון שטיין און שטאָל, אַ שטאָט פון אייזן און טשוגון.

# אַ מעשה וועגן אַ נאַרישן קיניג און אַ כיטרען בעטלער

— אַ מעשה שהיה —

דער קיניג האָט דריי מאָל אין אַנגסטן דערוואַכט:
געזען האָט ער דריי מאָל דעם אייגענעם חלום
אין דער אייגענער נאַכט.

ער זעט זיך אַליין אין אַ פינצטערן טאָל,
אַליין אַף זיין שניי־ווייסן פערד —
עס בלוטיקט זיין אייגענער קאָפּ
אַפן שפּיץ פון זיין אייגענער שווערד.

דער קיניג, אַ בלייכער, שיקט רופן אַף גיך,
זיין אַלטן בעל־יועץ אין פּאַלאַץ צו זיך.
דער חכם דער אַלטער, זיצט שטום און הערט אויס,
ער קנייטשט בשעת מעשה דעם שטערן,
און קראַצט זיך פאַרדאגהט דעם פּליך.

צום סוף, אַז דער קיניג פאַרענדיקט. בלייבט שטום,
רחפט אָן זיך דער חכם צום קיניג: — הום־הום — — —
עס הענגט איבער אונדזערע קעפּ אַ סכנה, אַ גזר.
איז הער, וואָס דיין קנעכט, דער געטרייער, וועט רעדן —
אָ, גביידיקער קיניג, מיין האַר!

פאַרטאָג, בעת עס הייבט אָן שאַרייען גאָטס ליכט,
נאָך איידער די זון צינדט זיך אָן —
בסוד גיי אַרויף אַף דיין העכסטן באַלקאָן —
פאַרהיל זיך אין פּורפּורנעם מאַנטל,
און טו אָן די קרוין אַף דיין קאָפּ,
דעם ערשטן וואָס דו וועסט דערזען — שטעל אָפּ.

און זאָג צו דעם פרעמדן אַזוי:
מתנות דריי האָב איך פאַר דיר, גוטער מענטש.
וואָס וויל איך פאַר זיי? — אַביסעלע רו.
און וואָס זאָלן זיין די מתנות, מיין פריינט? —
דאָס ווענדט זיך אין דיר שוין. באַשטימען דאַרפסטו.
קלייב אויס!

און גאָט וועט זען דעם קוואַל פון חסד קוועלן אין דיין האַרץ,
און אָפּטאָן וועט ער פון דיין שלאָף דעם חלום וועלכער שרעקט מיין האַר.
און מיט דעם חלום — נעלם ווערן וועט, ווי רויך אין ווינט,
דאָס פינצטערע געפאַר — דער בלינדער גזר.

***

פאַרטאָג.
אָפן טורעם־באַלקאָן שטייט דער קיניג און היט.
דער פורפּערנער מאַנטל איז — גאָלדענער זשאַר.
די קרוין ברענט אין טויזנטער שטראַלן צעגליט.
אין גאַס ערגעץ ווייט קלאַפּן הילצערנע טריט: —
אַ בעטלער, אַ לאָמער, קומט אָן.

דער קיניג דערפרייט זיך, און בויגט זיך אַראָפּ פון באַלקאָן: —
דעם בעטלער האָט גאָט דאָך געשיקט מיר אַהער —
וואָרים, וואָס קען אַ בעטלער דען בעטן?
אַ וואָרעם — וואָס איז זיין השגה? וואָס איז זיין באַגער?!
ער רייבט זיך די הענט פאַר הנאה, און כיכעט און לאַכט.
ער הויבט אויף זיין קול מיט געזאַנג און רופט אויס: —
היי, בעטלער! וואָס איילסטו? דער טאָג איז נאָך גרויס!

מתנות דריי האָב איך פאַר דיר, גוטער מענטש!
און וואָס זאָלן זיין די מתנות — ווי גרויס, אָדער קליין? —
דאָס ווענדט זיך אין דיר . . . דו באַשטים דאָס אַליין!
נאָר — וואָס ווּעסטו טאָן מיט דיין קיניגס מתנות? — געדענק!
פאַרשאַכערן אפשר צום טענדלער? פאַרשיכורן אפשר אין שענק? — — —

— האָ, קיניג!
אַזוי זאָל שוין היטן מיך גאָט פון ווענערישער קרענק!
וועל היטן דיין יעדער מתנה. דיין מינדעסטע גאָב.
זיי וועלן מיר זיין אַזוי נאָענט צו מיין לייב,
ווי דאָס העמד וואָס איך טראָג, ווי דאָס ברויט וואָס איך האָב.

— כאַ־כאַ־כאַ!
און וואָס, זאָג מיר, שורקע, זאָל זיין דיין באַגער?
— דיין קרוין, גוטער קיניג, כ׳האָב צירונג שטאַרק האָלט!

— מיין קרוין ?! ברומט דער קיניג. וואָס נוצט דיר אַ קרוין ?!
— איך וועל זיך מיך קוליע באַפּוצן מיט גאָלד !

עס ציטערט דער קיניג. ער פיבערט פון כעס.
דאָך נעמט ער אַרונטער די קרוין פון דעם קאָפּ,
און וואַרפט איר צום לומפּיקן בעטלער אַראָפּ.

אַזוי ווי אַ הונט כאַפּט פון קצב אַ ביין,
אַזוי כאַפּט דער בעטלער פון קיניג די קרוין.

— די צווייטע מתנה, דו — שיכורער נאַר !
— דיין פּורפּורנעם מאַנטל, מיין גניידיקער האַר !
— מיין פּורפּורנעם מאַנטל — דו גבזהקער לומפּ !

— איך וועל פון דיין מאַנטל אַ טאַרבע זיך נייען,
און איבער די הייזער, די גבירישע, גייען.

— דיין חוצפּה געפעלט מיר, דו העסלעכע מויז !
איצט זאָג מיר — דיין דריטע מתנה ! דיין לעצטער געשאַנק !
— דער קיניגינס פּערל ! — מיין לעצטער פאַרלאַנג.

דאָס פּנים פון קיניג, ווערט רויט און ווערט ווייס,
דער קאָפּ ברענט ווי פייער. די הענט זיינע — אייז.
— דער קיניגינס פּערל ?! דו קרעציקער הונט !
—איך וועל פון די פּערל זיך מאַכן מיר לייז !

עס כיכעט דער בעטלער און טענצלט און הינקט ; —
הענגט אויף זיין קוליע די גאָלדענע קרוין,
דעם פּורפּורנעם מאַנטל, דעם קיניגס, און זינגט :

— ! אַ, קיניג, מיין קיניג
— ! אַט הערט דער המון
איך טרינק פאַר דיין מאַנטל,
און איך טרינק פאַר דיין קרוין !

דער שענקער איז ביטרע,
און די זונה איז פרעך : —

דיין מאַנטל איז — רעדנע!
די קרוין דיינע — בלעך.

איך ווייס אָבער בעסער.
כ'האָב דעם אמת שטאַרק האַלט: —
דיין מאַנטל איז סאַמעט!
די קרוין דיינע — גאָלד!

דער קיניג, אַ בלייכער, קוקט פינצטער צום גאַס.
ער זעט ווי דער בעטלער, אַ לוסטיקער שפּאַנט.
ער הויבט אויף זיין קוליע אין ברודיקער האַנט:
עס פלאַטערט זיין פורפורנער מאַנטל אין ווינט,
עס קלינגט אין דער זון אַפן קוליע זיין קרוין.
עס הילכן די גאַסן. עס לאַכט דער המון.

דער קיניג, פאַרשטאַרט, קוקט פון טורעם אַראָפּ:
ער זעט, ווי פון הינטער זיין מאַנטל, זיין קרוין —
אַ בלוטיקער בלוטיקט זיין אייגענער קאָפּ.

# דער אָרעמאַן און די גאָלדענע שלאַנג

— אַ מעשה מיט אַ מוסר השכל —

ניט ווייט פון דעם שטעטל, און הארט באַם בית עולם,
איז געשטאַנען אַ שטיבל, פאַריתומט, פאַרלאָזן.
דער שניי פלעגט עס ווינטער פאַרשנייען, פאַרווייען,
דער זומער — דערטרינקען אין דערנער, אין גראָזן.

געוואוינט האָט אין חורבה אַן אביון, אַ וויסטער —
פון ליטע, פון ווייטן, אַהער זיך פאַקליבן.
געבראַכט האָט ער מיט זיך אַ ווייב אַ חולנית,
אַ שוויגער אַ בלינדע, און קינדערלעך זיבן.

אין זומער איז ווי סע ניט איז צו דערליידן:
ס'איז וואַרעם. קאַרטאָפליעס און אויבס קאָסט ניט טייער.
נאָר ווינטער איז ממש סכנת נפשות!
מ'איז נאַקעט און באָרוועס; אָן ברויט און אָן פייער.

עס טוען אַ יאָג זיך די ביטערע קעלטן;
די שניי־זאַווערוכעס; די פרעסט נעמען ברענען, —
באַהעפט זיך די חורבה אָן ווייסן בית עולם —
אַ שטוב, צי אַ קבר? . . . סע נישט צו דערקענען!

דער קברן — ער גאַפט טאַקע: — שווער צו פאַרשטייען!
ווי לעבן דאָס מענטשן אַף לויטער תעניתים?!
נאָר באַלד ווי די פרעסט לאָזן נאָך, עס ווערט וואַרעם —
מאַכט אויף זיך דער קבר — ס'איז תחית המתים!

*
**

ס'איז פרילינג. סע וואַרעם. די כמאַרע צערייסט זיך,
די זון טוט אַ בלישטשע, אַ שוועלבעלע ווייזט זיך.
איבמיטן דעם פעלד וואַקסט אויס פלוצים אַ פויער
מיט זאָמען אַ זאַק . . . און דער טאָג, אַזאַ בלויער!
די ערד — אַזאַ ברייטע, אַ ווייטע, אַ פרייע!
אַ ווינטעלע ווייעט, עס שמעקט אַ מחיה!

שטייט איינמאָל דער אביון, בעת מנחה, אַ טריבער,
און זעט, ווי דער טאָג גייט אין שאָטנס אַריבער.
דער מערב צעשפּילט זיך אין הונדערטער פאַרבן.
אַ בענקעניש כאַפּט אים אַרום ביז צום שטאַרבן!

— „רבונו של עולם, עד מתי? ביז וואַנען ?!
ווען וועסטו אַמאָל שוין אָן מיר זיך דערמאָנען!
באו מים עד נפש! . . . איך זינק אין יסורים,
ווי אַ שיפל, אינמיטן דעם ים, אין אַ שטורעם!"

אַזוי ווי ער טענהט אַזוי זיך — דערהערט ער
אַ בת קול פון הימל. און פּשוטע ווערטער: —
אַף יענעם זייט טייכל, דאָרט הינטערן בריקל —
אַ גאָלדענע שלאַנג, אין אַ קנויל ליגט פאַרוויקלט.
גיי נעם איר אַהיים . . . נאָר דו זאָלסט זיך ניט שרעקן:
דורך איר וועט דאָס מזל צו דיר זיך אַנטפּלעקן.
וואוהין נאָר דו וועסט זיך ניט ווענדן, ניט קערן —
וועט אויפגיין דיין מזל . . . באַגליקט וועסטו ווערן.

ער לויפט, און ער לויפט, און ער קומט צו דעם בריקל: —
ס'איז אמת! די שלאַנג אין אַ קנויל ליגט פאַרוויקלט.
ער בויגט זיך אַראָפּ, און ער בויגט זיך אַריבער —
עס צינדט אין די אויגן זיך אָן אים אַ פיבער.
ער ציטערט און פלאַטערט; עס גרוילט און עס שרעקט אים.
דאָס האַרץ קלאַפּט אים האַסטיק, אַ בויט־שווייס באַדעקט אים.
ער שטרעקט אויס די הענט, און פאַמעלעך, פּאַוואָלע —
די שלאַנג ליגט און פינקלט בײַ אים אין דער פּאָלע.

ער טראָגט, און ער טראָגט, און ער ברענגט איר צוטראָגן . . .
דאָס ווייב זיינס — זי חלשט. די קינדערלעך — קלאָגן,
אפילו די בלינדע דערשמעקט די סכנה,
און הייבט אָן צו קראַקען, ווי אַ ווילדע וואָראָנע.
איז — שטייט ער צעטומלט, פאַרלוירן, דערשלאָגן.
ער וויל זיי דערציילן, ער פּרוּווט זיך זיי זאָגן — — —

די שלאַנג האָט פון ליאַרעם געַנומען זיך וועקן.
זי קנוילט זיך פאַנאַנדער; נעמט ציען זיך, שטרעקן,
זי הייבט אויף דאָס קעפל, זי עפנט די אויגן —
די ווענט — מיט אַ ליכטיקייט ווערן פאַרצויגן.
דאָס לעמפל, וואָס כאַליעט זיצט וואַכן און וואַכן,
פאַררוקט אין אַ ווינקל; אַן גאַז, און צעבראַכן —
טוט פלוצלים אַ שלוקערץ, און הייבט אָן צו ברענען.
דאָס שטיבל אַליין, איז שוין ניט צו דערקענען!
עס שטייען שוין בעטן מיט קאָלדרעס פאַרשפרייטע.
דאָס ווייב און די קינדער — באַשוכטע, באַקליידטע.
אַף דרערד — ליגן וואַרעמע, ווייכע קאָוויאָרן.
פון גאָרנישט ניט — דעמבעבנע מעבל געוואָרן.
אַרום, אַף די ווענט, הענגען בילדער און שפיגלען.
דער זייגער, דער חלוש — אַן אָדלער מיט פליגלען!

*
**

ער וואוינט, ברוך השם, אין אַן אייגענעם מויער —
שטאַכעטן, אַ גאָרטן, אַ סטאָראָזש באַם טויער.
אַ חשוב באַם פריץ, אַ תקיף באַ לייטן.
מע קומט היינט צו אים שוין, פון נאָנט און פון ווייטן
אַן עצה אים פרעגן, אַ טובהלע בעטן.
דאָס ווייב זיצט אַף דאַטשע, מע פאָרט אין קאַרעטן;
מע פירט אַזש מיט דאַנציק און וואַרשע מסחרים —
דער דלות, די דחקות — אַרויס פון זכרון!

*
**

די שלאַנג לעבט אין רחבות. כמעט נישט צו גלויבן:—
מיט אַלעמען שלום — אַ טויב צווישן טויבן.
זי שלאָפט אין איין בעט מיט דער שוויגער, דער בלינדער.
זי עסט פון איין טעלער, באַם טיש, מיט די קינדער.
זי קריכט אַף די ווענט, און זי הענגט אַף דער סטעליע.
אָט איז זי אין קאַמער, אָט איז זי אין קעלער;
אָט איז זי אין אַלמער, אָט איז זי אין וויגל,
אָט קוקט זי אין פענצטער, אָט קוקט זי אין שפיגל,
אָט וויגט זי זיך גאָר אָפן אומרו פון זייגער,

אָט ציט זי זיך אויס אָפן טיש, ווי אַ פגר.
אָט גליטשט זי זיך צווישן די סאַמעט־גאַרדינען,
אָט וואו נאָר דו ווילסט ניט — וועסטו זי געפינען.

איז פול צומעטום, און עס שטערט איר ניט קיינער.
זי מוטשעט, דערקוטשעט . . . זי קריכט אין די ביינער!
נאָר גיי הייב זיך אָן מיט דיין מזל? — חלילה!
דו שווייגסט, ווען די גאַל זאָל דיר פּלאַצן אפילו.
נאָר איינמאָל, בשעת מ׳איז באַ מיטאָג געזעסן,
האָט אַ קינד זיך צעקריגט מיט דער שלאַנג און פאַרגעסן,
אַז די שלאַנג איז דאָס מזל — גאָטס גאָב און מתנה;
אַז אַ שלאַנג איז אַ שלאַנג, און אַ שלאַנג איז סכנה,
און האָט מיט אַ לעפל — צי אפשר אַ מעסער —
דעם מזיק דערלאַנגט אַ פאַרפאָר איבערן פרעסער . . .
אַ שלאַנג איז אַ שלאַנג. ווערט קיין שוואַלב שוין ניט ווערן.
— „דו שלאָגסט זיך?! — וועל איך דיר אַ „קוש" טאָן אין שטערן . . ."
דאָס קינד גיט אַ קוויטש, אַ געשריי און פאַרגייט זיך.
די מאַמע דערזעט עס, און חלשט, פאַרשטייט זיך.
דער טאַטע ווערט בייז, כאַפּט אַרונטער פון פלעקל
דאָס העקל, און האַקט אָפּ דעם מזיק דאָס עקל.*

***

דאָס קינד האָט געקרענקט, און — דאָס קינד איז געשטאָרבן.
די שלאַנג איז אַנטלאָפן. אין שטוב איז אַ חורבן!
וואָס טויג אונדז לאַנג בריידן: — ס׳האָט לאַנג ניט גענומען, —
דער גביר איז צו בעטל־ברויט ממש געקומען.
דאָס ווייב מיט די קינדער — אין טראַנטעס, אין שמאַטעס.
די ווענט פאַלן כורעים, דער דאַך — הוילע לאַטעס.
בקיצור — ער וואוינט שוין צוריק באַם בית עולם,
אין פינצטערן שטיבל. וואָס טויג אייך, ס׳איז וואויל אים!

* אַ שלאַנג אָן אַן עק, איז אַ חרפה באַ שלאַנגען,
אפילו אַ מויז האָט אַן עק, און אַ — לאַנגן!

***

סע ווינטער, סע פרילינג. די כמאַרע צערייסט זיך.
די זון טוט אַ בלישטשע. אַ שוועלבעלע ווייזט זיך.
אינמיטן דעם פעלד וואַקסט אויס פּלוצלים דער פויער,
מיט זאַמען אַ זאַק . . . און דער טאָג אַזאַ בלויער!
די ערד אַזאַ ווייטע, אַ ברייטע, אַ פרייע!
אַ ווינטעלע ווינטלט. עס שמעקט אַ מחיה!

שטייט ווידער דער אביון, בעת מנחה, אַ טריבער,
און זעט, ווי דאָס ליכט גייט אין שאָטנס אַריבער.
דער מערב צעשפּילט זיך אין הונדערטער פאַרבן.
אַ בענקעניש כאַפּט אים אַרום ביז צום שטאַרבן!

— „רבונו של עולם! עד מתי? ביז וואַנען?!
ווען וועסטו זיך ווידער אָן מיר שוין דערמאָנען?!
ווען וועסטו צוריק מיר מיין מזל באַשערן?! —
אוי, שווער איז דעם עושר אַ קבצן צו ווערן!"

דערהערט ער דאָס בת קול פון הימל: — וועסט גייען
צום וואַלד צום געדיכטן. דריי דעמבעס דאָרט שטייען
צוזאַמענגעפלאָכטן, פאַרדרייט אין אַ קאָלטן.
אָט דאָרט האָט די שלאַנג זיך פאַר חרפּה באַהאַלטן.

ער גייט און ער גייט, און ער גייט אַלץ כסדר.
עס רייסן די צווייגן אַראָפּ אים די קליידער.
פון שיך אַף די פיס — ניט געבליבן קיין סימן.
ער זוכט, און ער זוכט, און ער קען ניט געפינען.

דער טאָג איז אַוועק, און די נאַכט איז געקומען.
עס רוישן די צווייגן, דער וואַלד הייבט אָן ברומען!
אַ וואָלף ערגעץ וואָיעט, אַ סאָווע נעמט קלאָגן.
די נאַכט הייבט אָן בלייכן. פאַמעלעך נעמט טאָגן.
ער גייט, און ער גייט, און ער גייט, און — אָט זעט ער: —
דריי קופּערנע דעמבעס מיט בלייענע בלעטער.
ער זוכט, און ער זוכט, און ער זוכט, און — דערזעט איר!
ער בעט, און ער בעט, און ער בעט איר: —
זיי מוחל, מיין גאָלד! — וואָס געווען — איז פאַרפאַלן . . .

עס פינקלט די שלאַנג קעגן ליכט פון די שטראַלן —
דימאַנטן, ברילִיאַנטן, סאַפּערן, רובּינען. —
זי הויבט אויף דאָס קעפּל. די אייגעלעך גרינען . . .
דאָס צינגעלע פלאַטערט . . . זי הייבט אָן צו ריידן: —
געדענקסט דאָך דאָס מעשהלע וועגן גן עדן? —
געווען, און — נישטאָ! אַ פאַרלוירענער חלום!
עס קען צווישן אונדז שוין ניט זיין מער קיין שלום.
איך — דיר, — וועל כסדר אָן קינד דיך דערמאָנען,
דו — מיך, — אָן מיין עק, וואָס איז מער נישט פאַראַנען . . .
עס וועט צווישן אונדז שוין ניט זיין מער קיין שלום!
פאַרגעס! — זאָל זיך דאַכטן — געחלומט אַ חלום.
געחלומט אַ חלום!

דער מוסר־השכל, קינדער ליבע? —
מחלוקת איז אַ מיאוסע זאַך,
און איז גאַנץ אָפט די סיבה
פון צער און צרות אַף דער וועלט —
איך דאַרף עס אייך דערציילן?
מחלוקת מאַכט אַ וואונד אין האַרץ,
וואָס לאָזט זיך ניט פאַרהיילן.

# דריי בעטלער מיט איין אויג
— באַלאַדע פון דער היינטיקער צייט —

דריי קויטיקע בעטלער מיט איינאיינציק אויג.
דאָס אויג געהערט דעם בעטלער דעם דריטן.
די בלינדע צוויי גייען — דער רעכטס און דער לינקס,
און דער מיטן אויג — גייט אינמיטן.

און דאָס, וואָס דער מיטלסטער זעט אַף גאָטס וועלט,
דאָס גיט ער די בלינדע צוויי איבער.
עס טראַכטן די בלינדע: — מגזמט ער נישט?
דער חשד טוט אין האַרץ אָפּט אַ פּיבער . . .

איז טאַקע גאָטס וועלט אַזוי ליכטיק און שיין?
איז וואָר וואָס ער זאָגט? — איז זיי קשה.
צי מיינט ער מיט דעם נישט די בלינדקייט אין זיי
נאָך פינסטערער מאַכן, דער רשע!?

זיי וואָגלען אינאיינעם און האָבן זיך פיינט.
ווען נישט וואָס דאָס אויג שטעקט אינמיטן —
וואָלט איינער דעם צוייטן דערוואָרגן באַנאַכט,
די העלדזער זיך איבערגעשניטן.

עס וואָגלען די בעטלער, די דריי, אין דער וועלט,
און גאָרנישט ניט האָט זיך געביטן: —
איין בלינדער גייט רעכטס, און איין בלינדער גייט לינקס,
און דער מיטן אויג — גייט אינמיטן.

און יעדערער טראָגט צום המון אַפן גאַס
אַרויס אים דאָס ביסל הנאה:
איין בעטלער זיין צימבל, דער צווייטער — זיין ליד,
דער דריטער — אין אויג די הכנעה.

ס׳איז פרילינג. עס שפּראָצט און עס גרינט אַף גאָטס וועלט;
דער וואַלד — אַ פאַרשנייטער אין בליטן.
איין בלינדער גייט רעכטס, און איין בלינדער גייט לינקס,
און דער מיטן אויג — גייט אינמיטן.

— ווי שיין איז גאָטס וועלטל! — זאָגט דער מיטן אויג:
חלומות! חריפות! חידושים!!
די בלינדע, זיי טאַפּן די שענקייטן אָן,
און ס׳ווייגען, אין בלינדקייט, די חושים.

ס׳איז פרילינג. ס׳איז זומער. עס ליגט אַפן פעלד
די גאָלדענע תבואה געשניטן.
איין בלינדער גייט רעכטס, און איין בלינדער גייט לינקס,
און דער מיטן אויג — גייט אינמיטן.

ס׳איז אָסיען. ס׳איז ווינטער. — אין מיט פון דעם שליאַך
גאָר שטרויכלונגען? . . . שטיינער און גריבער?! —
באַם בלינדן פון רעכטס, און באַם בלינדן פון לינקס —
דער חשד טוט אין מוח אַ פיבער: —

ווער ווייסט צי באַ יענעם, וואָס פירט זיי אַרום,
אין בלינדקייט, שוין יאָרן און יאָרן,
איז הינטערן שטערן דאָס איינציקע אויג
שוין לאַנג נישט פאַרלאָשן געוואָרן?!

דאָס איינציקע אויג! . . . דאָס בשותפותדיקע ליכט!
זאָל גאָט זיי פון אומגליק פאַרהיטן! —
איין בלינדער גייט רעכטס, און איין בלינדער גייט לינקס,
און דער מיטן אויג — גייט אינמיטן.

# דער קינזשאַל

דער יונג איז איבער זעקס פֿוס הויך, ברייטביינערדיק און שטאַרק.
דער קאָפּ — אַ רויטער קנויל פֿון פֿייער אַף אַ קופּער־ברוינעם קאַרק.
אַרום זיין אײַנגלש זון־פֿאַרברענטן פּנים קרײַזלט זיך דאָס ערשטע זייד,
וואָס איז מרמז אַף אַ קינפּטיקער גערעטעניש פֿון אַ געדיכטער באָרד.

דער ריכטער הוסט זיך אויס, פֿאַרריכט די ברילן אַף זיין נאָז, און זאָגט: —
דו זײַ זיך בעסער מודה, אַז דו האָסט דעם דרײַצנטן אַפּריל, נאָך האַלבער נאַכט,
די בלאָנדע טענצערין, לאַ־בלאַנזש, אַ שלאָפֿנדיקע בײַ דײַן זײַט, געטייט.
דערבײַ ווערט שטאַליקער זיין אויג, און פּראַסטיקער זיין גרינער בליק.
דער יונג הויבט אויף דעם קאָפּ און עפֿנט ביידע אויגן גרויס און ברייט.
ער חדושט זיך: — געשיקט זיך עס, אַז ער, אַ טויטער, זאָל באַגיין אַ מאָרד ?!
זי האָט דאָך אים דאָס לעבן צוגענומען לאַנג שוין, לאַנג צוריק!

דער בין־השמשות גנבעט דורך דעם שמאָלן פֿענצטער זיך אַרײַן אין טונקלען זאַל.
אין מיט פֿון ריכטערס טיש בליצט אויף, אין רויטן ליכט פֿון אָוונט־שטראַל,
דער בלוילעך־קאַלטער שפּיץ פֿון אַ פֿאַרזשאַווערטן קינזשאַל.

דער ריכטער נעמט די ברילן פֿון דער נאָז אַראָפּ, און טוט זיי אָן צוריק.
די אויגן־גלעזלעך בלינצלען אויף, און שאַרפֿער ווערט זיין שטרענגער בליק:
פֿאַר גאָט און לייט, געזעצלעך, איז זי קיינמאָל ניט געווען דײַן ווייב,
און האָט צו דיר, ווי צו אַ מאַן, קיין פֿליכטן כשרע דאָך ניט געהאַט! — — —

דער יונג הויבט העכער אויף דעם רויטן קאָפּ, און טוט פֿאַראויס אַ בייזן טראָט:
— די לעבעדיקע משפּט דו! די טויטע — די וועט משפּטן, אין הימל, גאָט!

# טשאַרלי מעקאַרטי דערמאָנט זיך

צוקאָפּנס, באַ מיר אַפן קישן,
זיצט טשאַרלי מעקאַרטי און וויינט,
אַזוי ווי אַ קינד, וואָס די מאַמע
האָט אָקאָרשט פון ברוסט דאָס אַנטוויינט.

וואָס וויינט  אַ ז ו י  טשאַרלי מעקאַרטי? —
ער וויינט מחמת אים איז ניט גוט:
ער שפּירט, אין אים שפּראָצט אַ נשמה,
און ער ווייסט ניט מיט איר וואָס מען טוט.

— וועלכער ווינט האָט אין טשאַרלי מעקאַרטין
דאָס קערנדל זריעה פאַרזייט?
— דער זיפץ פון מיליאָנען געמיטער
וועמען טשאַרלי מעקאַרטי דערפרייט.

באָר טשאַרלי מעקאַרטי באַנעמט ניט...
ער שרעקט זיך. ער זוכט אַ באַשייד...
ער כליפּעט און כריפּעט און סקריפּעט; —
בויגט איין זיך און פרעגט שטילערהייט:

— דעם מענטשן, — ווער האָט אים באַשאַפן?
— דעם מענטשן, — באַשאַפן האָט גאָט!
— און מיר האָט באַשאַפן, ווער? — חוזק,
פון האָלץ, מיט אַ שטומפּיקן דלאָט!

אין טשאַרלי מעקאַרטין צינדט אָן זיך
דער ניצוץ נשמה... ער בענקט,
און טשאַרלי מעקאַרטי דערמאָנט זיך,
און טשאַרלי מעקאַרטי געדענקט:

---

* אַ מאַנעקען, מיט וועלכן אַ ווענטרילעקוויסט (בויך־רײדער) אָפּערירט, וואָס איז שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אַף דער ראַדיאָ דורך זיינע וויציקע דיאַלאָגן און ווערטלעך.

סע זומער. דער וואַלד שמעקט מיט שוואוימען,
מיט פעך און צעפּאַרעטער ערד.
דורכן וואַלד רייט אַ רייטער און ס׳בלישטשעט
די האַק אַפן זאַטל פון פערד.

— ווער איז ער, דער רייטער? וואָס וויל ער?
און וואָס דאַרף ער האָבן די האַק?! —
און טשאַרלי מעקאַרטי דערמאָנט זיך
און ווישט אָפּ אַ טרער פון דער באַק.

אויס טויזנטער קינדערשע אייגלעך
שטראַלט טשאַרלי מעקאַרטיס געשטאַלט.
אַף טויזנטער ליפּן פון פרויען —
זיין שם . . . נאָר מעקאַרטין איז קאַלט!

ער ציטערט און פלאַטערט אַזוי ווי
אין האַרבסט אַ פאַרוויאַנעטע בלאַט.
און טשאַרלי מעקאַרטי דערמאָנט זיך: —
ווי שיין ס׳איז די יאָדלע אין שבט!

די ווייסקייט פון ווינטער פאַרבלענדט אים,
פאַרכשופט, זי מאַניעט און ציט, —
און טשאַרלי מעקאַרטי צעזינגט זיך:
„ווי ליכטיק דער קאַרשנבוים בליט!״

ס׳איז מיטנאַכט. דער ווינט וויגט די צווייגן,
און ס׳שנייט — אַזאַ ווייס־בלויע פרייד!״
— וואָס איז מיט דיר, טשאַרלי מעקאַרטי?
דו רעדסט דאָך נביאישע רייד?!

— און רעדסטו שוין יאָ ווי אַ נביא —
דאַן זעסטו אוודאי שוין קלאָר,
ווי ס׳שטייט אויף באַ אונדז אין מדינה
אַ טשאַרלי מעקאַרטישער דור.

אַ דור מיט צעשעלמעטע איגלעך;
אַ שבט מיט קעפּלעך פון פלאַקס,
און לעפצן וואָס סקריפּען, ווי רעדער
אין זאַמד, אַף אַ טרוקענעם אַקס.

איך זע אים אין דמיון מאַרשירן,
דעם דור, מיט צעהאָגלטע טריט —
פאָראויס מאַרשירט "פּאַפּאַי" און "מיקי",
און טשאַרלי מעקאַרטי אינמיט . . .

אַ לויב צו דער זון, צו דעם רעגן;
אַ לויב צו די דעמבעס פון וואַלד.
אַ לויב צו די דורות געפורעמט
אין טשאַרלי מעקאַרטיס געשטאַלט!

## ו — מיססיסיפּי

דער בונט פֿון איינעם

אַ נעגער־יונג אין זאַמד

פּיקענינִי

באַם ברעג פֿון מיססיסיפּי ריווער

איזעקל איז אַ מאָרד באַגאַנגען

# דער בונט פון איינעם

באַלאַדע

דריי איין דעם לאָמפּ, זיץ שטיל און הער,
און איך וועל דיר דערציילן
אַ מעשה — ניט פון פּרינצן, וועלף;
גזלנים, אוצרות, היילן,

און אויך ניט פון קיין צויבערשלאָס,
צי פון אַ כשוף־רינגל, —
ס׳אַ מעשה פון דער הינטערגאָס.
דער העלד — אַ היימלאָז אינגל.

פון אַלצדינג וואָס עס איז געווען, —
געווען און ניט געוואָרן —
זיין נאָמען, א ב ג ר , איז אים בלויז
פאַרבליבן אין זכרון.

און נאָך אַ נאָמען — גאָט, האָט זיך
אין בלוט אים איינגעגעסן.
נאָר וואָס ער איז, און וואָס ער וויל —
דער גאָט — האָט ער פאַרגעסן.

א.

דער רינשטאָק איז קיין פּערענע,
דער ראָג — קיין פּוכקע קישן.
דאָס מיסט־פאָס איז ניט אַלעמאָל
געקעכץ פון זאַטע טישן.

נאָר אַז דער הונגער פּלאָנטערט אויף
דאָס האַרץ מיט די געדערעם —
דאַן ווערט דאָס מיסט־פאָס אַ געריכט,
כאָטש ס׳קריכן אום דאָרט ווערעם.

אַ דאַר שטיק ברויט, פאַרשימלטס — מן!
אַ קנאָכנביין — אַ סעודה!
איז אָבער דאָ אין גאָס אַ הונט —
הייסט „ברוט״ און האָט קיין בודע . . .

טרעפט אַבנר אָפּט זיך אָן מיט אים
באַם מיסט־פֿאַס מיט די בײנער.
װײַזט אַבנר אים אַ ברודנעם פּויסט,
און „ברוט" — צװײ שורות צײנער . . .

נאָר „ברוט" איז ניט דער אײנציקער,
װאָס האָט ניט זײַן קאַנורע,
און קומט צום אָפּפֿאַל אָפּן ראָג
אַרױסבאַװײַזן גבורה.

די הינטערגאַס איז — „קײנעמס לאַנד",
און יעדער אײנער — קײנער . . .
דער הונגער דאָ — איז גאָטס געזעץ,
דער משפּט — פּויסט און צײנער.

נאָר ע׳מוס איז דער אײנציקער,
װאָס טראָגט אין לײַב אין שװאַרצן,
דאָס ליד פֿון מיססיסיפּי־טאָל,
און דיקסיס פֿרײד אין האַרצן.

און דיקסיס ריטם — פֿון די פֿיס
ביז צו די סאַמע ריפּן,
און ס׳פֿרומע װאָרט פֿון קריסטוסן
אַף זײַנע דיקע ליפּן.

נאָר װער װיל דאָ, אין הינטערגאַס,
זײַן ליד, זײַן פֿרײד פֿאַרנעמען ?!
און הערן ס׳פֿרומע װאָרט פֿון גאָט
און זאָל דאָס ניט פֿאַרשעמען ?!

נאָר אַבנר האָט דערפֿילט דאָס ליד,
װאָס ברענט אין בלוט באַם שװאַרצן;
און ס׳פֿרעמדע װאָרט פֿון פֿרעמדן גאָט,
װאָס ליגט אין פֿרעמדנס האַרצן.

װאָרים גאָט — זײַן גאָט דער אײגענער . . .
איז אױך אים פֿרעמד, דערװײַטערט.

דאָך קען ער גאָט — אַ גאָט, וואָס האָט
זיך אין זיין פיין געלייטערט.

און אַבנר האָט דערנענטערט זיך
צום פרעמדסטן פון די פרעמדסטע:
אַ בונט פאַרשניטן מיט דעם בלוט —
ס׳פאַרשעמטסטע פון פאַרשעמטסטע . . .

און אַז דער ערשטער האַרבסט־טומאַן
האָט שטאָט און ים פאַרהאַנגען,
איז עמוס אין דער וועלט אַוועק,
און אַבנר איז מיטגעגאַנגען.

ב.

די נאַכט איז קיל, די נאַכט איז שטיל.
צוויי פנימער צום הימל:
דאָס שוואַרצע פנים שווימט אין רייד,
דאָס ווייסע זינקט אין דרימל . . .

— דו זעסט, דאָרט אויבן, „האָני”, קוק!
פאַר דיר . . . פאַר מיר . . . פאַרביידן!
„סעינט פיטער” שטייט און היט און וואַרט
באַם טויער פון גן עדן.

און גאָט אַליין זיצט אויבנאָן,
און טוט די סעודה פראַווען:
פאַר יעדן „קון” אַ גאַנצע הון,
און זיבן רייַפטן קאַווען!

דער אַלטער לוט, ער שטייט און צאַפּט
פון בייכעדיקע פעסער
אין טעפּ פון זילבער שוואַרצן מעד —
כאָטש שנייד אים מיט אַ מעסער!

און קעניג דוד — שפּילט די האַרף,
און שלמה — זינגט אַ ניגון,
און מרים בומזשעט אַף דער פויק,
און חם און יפת — „דזשיגן”.

אינמיטן פליסט דער ירדן ברייט,
און גריק אַזוי ווי שוועבל.
און נחס תיבה שווימט אַרום
מיט זעגלען ווייס ווי נעבל.

נאָר אַבנר הערט שוין ניט די רייד
פון עמוסן דעם פרומען.
מיט נחס תיבה איז ער טיף
אין שלאָף אַרייַנגעשוואומען . . .

ג.

דער מיססיסיפּי ריווער שטראָמט,
אַ ברוגזער, אַ מידער,
אין עמוסעס פאַרחלומטע,
און בענקענדיקע לידער.

אַז עמוס זינגט זיין דיקסי ליד,
מיט צוגעמאַכטע אויגן,
גייט אויף זיין ווייטע היים פאַר אים —
אַ מאַטער רעגנבויגן: —

אַ שטאָלער שטעג. אַ מוטנער ברעג;
אַ „קעבין" — ליים און ברעטער.
אַ פּאַסמע רויך, אַ קרומער פּלויט;
אַן אַלטער בוים אָן בלעטער.

אַ באַנדזשאָ קלינגט, און עמיץ זינגט,
אַן אַלטן דיקסי־ניגון,
און ברוינע קינדער, נאַקעטע,
אַרום אַ פייער „דזשיגן".

און ס'שמעקט מיט „דזשין, מיט זייף און שוויס,
פון לייב, צעהיצטע פּאַלקעס;
עס שמעקט מיט הינער סמאַלעניש
און קוקורוזע־ליולקעס.

און אויך אַהינצו פירט אַ רעלס,
און באַנען לויפן, ברומען.
אַ פראַכט־באַן איז קיין שנעל־צוג ניט —
דאָך קען מען מיט אים קומען . . .

דער „קעבין" איז שוין לאַנג נישטאָ,
די „מעמי", און דעם „אַלטן"? —
אַ פרעמדע האַנט האָט, אין דער פרעמד,
די ביינער וואו באַהאַלטן . . .

און אַבנרן — אים נעמט ער מיט:
איין לאַנד . . . איין וועג פאַרביידן!
און איבער הונדערט צוואַנציק יאָר —
צום נעגערשן גן עדן.

און טאָמער מאַכט „סיינט פיטער" דאָרט,
באַם טויער, אַ געדודער:
— אַ וו יי ס ע ר! — וועט ער זאָגן: — האַלט!
דער ווייסער איז מיין ברודער!

ד.

עס קריכט דער פראַכט־צוג אין דער נאַכט
אַריבער בלינדע פעלדער,
און וועקט דעם עכאָ אין די בערג,
די פוסטקייט אין די וועלדער.

פאַרביי אַ שטאָט, אַ דאָרף, אַ פאַרם;
אַ שענקל, אַ געוועלבל.
דערביי, אין צווייטן פראַכט־וואַגאָן,
צעבלעקעט זיך אַ קעלבל: —

וואָס איילט דער פראַכט־צוג, אין דער נאַכט?
צו וואָס? וואוהין? ביז וואַנען?! . . .
ס'איז דאָ אַ שטאַל, ס'איז דאָ אַ שטאָט —
אַ בוינע איז פאַראַנען.

ה

און אַז דער פּראַכט־צוג שטעלט זיך אָפּ,
די סחורות אויסצולאָדן, —
געפינט מען אָפּט אַזאַ „באַגאַזש",
וואָס איז אַ וויסטער שאָדן . . .

אַזאַ באַלאַסט, וואָס קיינער וויל
ניט צאָלן פאַרן פירן,
און אויך ניט מאַנען אויב מען זאָל
אים אָפּן וועג פאַרלירן . . .

און עמוס איז שוין צוגעוואוינט : —
אַ „קאָנטראַבאַנד" זיכט יאָרן —
אָט — וואו דער פּראַכט־צוג שטעלט זיך אָפּ —
אַהין איז ער געפאָרן!

גאָטס ערד איז אומעטום אַוואו
דו שטעלסט אַ פוס אַנידער;
גאָטס הימל איבער דיר, וואו נאָר
דו ציסט אויס דיינע גלידער.

און אבנר לערנט זיך מיט פלייס . . .
ער קען שוין לאַנג די תורה : —
פאַר פאַרמער־לייט — האָב דאָס געניאָר.
פאַר בייזע הינט — קיין מורא!

און אַז אַן אָפּגעפליקטע הון, —
וועט קיינער ניט דערקענען . . .
אַ קאָוועז דאַרף זיין רויט ווי זשאַר,
און טרוקן האָלץ — מ ו ז ברענען!

ו

דער מיססיסיפּי־טאָל איז ווייט,
דאָך — קען אַ קינד פאַרשטיין : —
אַ לאַנד איז ניט קיין שיף אין ים,
און וועט ניט אונטערגיין.

און באַנען הערן נאָך ניט אויף
צו פירן פּאַסאַזשירן.
דער פראַכט־צוג וועט נאָך „קאָנטראַבאַנד״,
אַזאַ ווי ער איז, פירן.

דערווייל איז דאָ באַם וועג אַ פאַרם?
אַ טיר אַף אָנצוקלאַפּן?
אַ מעשה פון „ירידה״, „נויט״,
וואָס קען באַם האַרץ פאַרכאַפּן? —

קלאַפּ אָן, שטרעק אויס אַ בעטל־האַנט, —
פאַראַנען מענטשן גוטע.
צו אַלטע העמד . . . אַ שטיקל ברויט . . .
אַ טרונק . . . אַ האַרטע פּרוטה . . .

און טרעפסטו אַף אַן אַכזר אָן,
וואָס שפייט דיר אָן אין פּנים, —
איז דאָ אַ גאָט אין הימל נאָך,
וואָס וועט דיר העלפן אָן אים!

און טרעפט אַז גאָט פאַרזעט דיך אויך, —
איז — כאַפּסטו אַ מפּלה!
דער אַכזר שיקט דיר נאָך אַ קויל,
און דער הונט רייסט אָפּ אַ פּאָלע.

ז.

דער שפּעטער זומער האָט גענומען שטעלן פּיס.
די פרייריס ליגן, אָפּגעדעקטע נאַכן שניט.
די אָסיען־נעכט פאַרווילן לענגער מיט דער ערד,
און לאָזן הינטער זיך אַ סליאַד פון בלוילעך־ווייסע טריט.

באַטאָג האָט עמוס שוין באַמערקט, אין הימל טיף,
אַ סטייע פייגל פליענדיק, וואָס דאָס האָט אים דערמאָנט,
אַז סע שוין צייט צו פּעקלען זיך אין וועג אַריין;
אַז ערגעץ וואַרט אַף זיי אַ גרין און וואַרעם לאַנד.

אין אָוונט האָט ער פּרי צעלייגט אַ פייער. זיך אָוועקגעלייגט
און אויסגעזונגען זיינע לידער, אַלע, ביזן סוף.
און זינגענדיק — אַליין זיך איינגעשלעפערט, איינגעוויגט,
און ווי אַ בליי פּאַרזונקען, אין אַ האַרטן, שווערן שלאָף.

אַ אימהדיק געשריי פון אַ סערענע, אין דער טיפער נאַכט,
האָט אים פון שלומער אויפגעוועקט: אינמיטן פון דער וועלט
געשטאַנען איז אַ וואַלד אין פלאַמען און מיט פאַנען רויך,
צעוויכערטע, אַ האַלבן הימל פון דער ערד פאַרשטעלט.

ער האָט זיך אויפגעזעצט,
און איידער ער האָט אויסגעשטשוכעט זיך, באַקלערט —
האָט ער דערפילט אַף זיך אַ האַנט, און האָט דערהערט,
אַ הייזעריק־באַסאָוון קול, וואָס האָט ווי פון אַ פאַס אַרויסגעברומט:
— מ י ר  ד אַ ר פ ן  פ יי ע ר ־ ל ע ש ע ר! קומט!

האָט עמוס, ווי פאַרגאַפט, דעם לאַנגן, שוואַרצן האַלדז געטאָן אַ שטרעק,
ווי אַ צערייצטער גאַנער אַף אַ בילנדיקן הונט; אַ גלאָץ געטאָן
די אָקסן־אויגן אַפן פרעמדן מיט דער הייזעריקער שטים,
און אָנגעקוקט אים מיט אַ ווילדן פּחד, ווי אַן אָקס, וואָס פילט
דעם קאַלטן חלף אַפן האַלדז און שטום, אָן ווערטער, ווי געפרעגט: —
האָב איך דעם וואַלד דען אָנגעצונדן, וואָס איך מוז פאַרלעשן אים?!

און נאַכט אַף נאַכט געבלוטיקט האָט דער הימל איבער דר'ערד,
און צווישן קנוילן רויך און פייער האָבן אויפגעטויכט
צעפלעקטע סילועטן — מענטשן, אַקער־אייזנס, אָקסן, פערד.

און אַז דער לעצטער בוים אין וואַלד האָט אויסגעברענט,
און צו די וואָלקן האָט זיך מיטאַמאָל אַ שטרעק געטאָן
אַ ים מיט שטומע, שוואַרצע האַלעוועשקע־הענט —
האָט אַבנר — ווי אַ לעצטע ראָב אַף אַ פאַרוויסט מלחמה־פעלד —
דערהערט, ניט ווייט פון זיך אַ הייזעריק־באַסאָוון ברום: —
נ י ט  אַ ל ע  וו ע ל ד ע ר  ה אָ ב ן  אָ פּ ג ע ב ר ע נ ט!
מ י ר  ד אַ ר פ ן  ה ע ק ע ר ־ י ו נ ג ע ן! ק ו ם!

ח.

בעת אַבנר האָט אַרײַנגעלאָזט די שאַרפֿע האַק
אין טונקל־ברױנעם לײַב פֿון גליתדיקן דעמב,
און ס׳האָט פֿון טיפֿן שניט אַפֿיר אַ שפּאַר געטאָן
דער קילער, האָניק־בלײַיער אַראָמאַטנער זאַפֿט —
האָט ער דערפֿילט אין בלוט אַן אױפֿגערײצטע קראַפֿט.
ער האָט די אױגן, װי אַ װילדער הירש, געעפֿנט ברײט,
געכאַפּט אַ זשעדנעם קוק אַרױף צום סאַמע העכסטן שפּיץ.
פֿון צװישן די געדיכטע צװײַגן האָט די אָסיען זון
דערלאַנגט אין אָפּגעבערענטן פּנים אים אַ שפּריץ.
ער האָט דאָס מויל צעעפֿנט און געבליבן שטײן פֿאַרגאַפֿט.

און אַז דער דעמב, אַן אױסגעצװײַגענער, איז מיט אַ קרעכץ,
װי אַ געשאָכטענער אָקס צו זײַנע פֿיס געפֿאַלן,
און איבער אים האָט זיך געעפֿנט, רחבותדיק,
אַ רונד שטיק הימל און אים אָפּגעגאָסן מיט אַ רעגן שטראַלן —
האָט ער אַ הױב געטאָן די ברױן־פֿאַרבראָנזטע אָרעמס צו דער זון
און װי אַ װילדער געצנדינער אָנגעהױבן שאַלן.

ט.

נישטאָ קײן פֿרײד אין פּראַצע מענטשלעכער,
בשעת דער שטרענגער שומר שטײט און היט און צײלט
די קלעפּ און קלאַנגען פֿון דײַן שװינגענדיקער האַק;
דעם צוק פֿון דײַנע אָנגעשטרענגטע מוסקולן, און
די מוטנע טראָפּן שװײס, װאָס קײַקלען זיך
אַרונטער פֿון דײַן אָפּגעבערענטער באַק.

ניטאָ קײן מזל־ברכה אין דעם קאַרגן שכר,
װאָס קומט פֿון נוגש׳ס שװערער האַנט —
אַ הײפֿן שטרױ אונטער דער מאָרדע פֿונם אָקס,
װאָס װעט דערפֿאַר באַגינען װידער גײן
געבױגן אונטער דער יאַרמאָ, צום פֿלוג געשפּאַנט. —

און ס׳איז דאָך דאָ אַזױ פֿיל פֿרײד, געזאַנג
אין יעדן מוסקולירטן אָרעם־שװאונג;

אין יעדן בלויען קלאַנג פון בליאַסקענדיקער האַק,
אין וויבריר פון זעג, אין עכאָ פונם האַמער־קלונג.
עס איז דאָך דאָ!

און — קען באַקומען דיר דאָס העלע ליכט פון טאָג,
דער זיסער שלאָף, דער גוטער חלום און די רו פון נאַכט,
אַז דער מעת־לעת איז ווי אַ פאַלשע וואָג־שאָל אינם אכזרס האַנט:
די זון און די לבנה — טעלער פון אַ פאַלשער וואָג;
אַ וואָג־שאָל אַף צו וועגן לויט און לויט,
דאָס גאַנצע לעבן דיינס אַנטקעגן אַ כזית שוואַרצן ברויט.

י.

נאָר אַבנר ווייסט ניט פון דעם אַלץ:
ער איז מיט קראַפט באַטרונקען.
און ס׳הילכט די האַק, און ס׳קרעכצט דער דעמב,
און ס׳שפריצן בלויע פונקען.

און עמוס הערט פון טיפן וואַלד
אַרויס דאָס שאַרפע שאַלן.
ער הערט ווי ס׳הילכן אָפּ די העק,
און דעמבעס הודיען, פאַלן.

און אונטער זיינע פיס — דער האַרבסט; —
פאַרוועלקטע בלעטער, גראָזן.
און עמוס הערט דעם רוף, וואָס הייסט
דאָס אָסיען־לאַנד פאַרלאָזן.

און עמוס זעט, אין הימל טיף,
אַ סטייע פייגל פליען.
און עמוס ווייסט: סע דאָ אַ לאַנד,
וואָס הייבט איצט אָן צו בליען...

און אַבנר קען באַנאַכט פון וואַלד
פון וויטנס שוין דערקענען
דאָס פייער אָפּן ברעג פון טייך,
וואָס עמוס לאָזט דאָרט ברענען.

דורך נאַכט און וואַלד זעט אַבנר בלוי
דעם פלאַם, די פונקען פליען.
אַ בענקעניש גייט אויף אין האַרץ
באַ אים און הייבט אָן ציען . . .

און אַז אַ האַרץ, אַ מענטשלעכס, ציט —
איז האָט עס א כונה — — —
געקויפט האָט אַבנר עמוסן
אַ בענדזשאָ, אַ מתנה . . .

— האָט פון לאָמבאַרד איר אויסגעלייזט . . .
אַביסל אַ געניצטע.
וואָס שאַדט עס, וואָס ? . . . מיר זענען אויך
פון ניט די אָפגעפוצטע . . .

האָט עמוס קוים צעשמייכלט זיך,
און אָנגעקוקט זיין חבר.
אַ פרואוו געטאָן די סטרונעס און
דערהערט אין קלאַנג אַ זשאַוער . . .

און מאָרגן בעת די זון האָט זיך
געזעצט אין רויטן גליען,
האָט אבנר נאָכאַמאָל דערפילט
אין האַרצן הייבט אָן ציען.

און אַז אַ האַרץ פאַרעקשנט זיך —
איז ניט כדאי זיך ראַנגלען . . .
האָט אַבנר נאָכגעגעבן און
איז נאָכן האַרץ געגאַנגען.

נאָר עמוס׳ פייער ברענט ניט מער.
וואו ס׳ענדיקט זיך די סטעזשקע —
אַ הויפן אַש, אַ לעצטע קויל . . .
אַ טויטע האָלעוועשקע . . .

## יא.

די העקער טרינקען ביר און „דזשין"
אין רו־טעג און יום־טובים,
אין ברודנעם שענק, מיט פרעמדע לייט,
מיט אייגענע און קרובים.

און אַבנר גייט מיט זיי אין שענק
אַ נודנעם טאָג פאַרווײַלן.
מיט לידער און מיט נבול־פה
די פוסטקייט אונטערהײַלן.

אַ פּיאַנאָ קרעכצט, אַ בענדזשאָ לעכצט,
אַן אַלטע פידל ריפּעט.
באַגראָבן, אין אַ ווינקל, זיצט
אַ שכורער און כליפּעט.

און איינער לייענט אַ צײַטונג־בלאַט,
פאַר עטלעכע, וואָס הערן: —
געלינטשעט דעם נעגער עמוס בראַון.
געזאָלט געמשפּט ווערן.

ער ווערט באַשולדיקט, אַז ער האָט
פאַרבראָכן ווילד און חיהש:
באַרויבט די פאַרמער־פרוי מעק'גי
און איז איר דאַן מבייש . . .

דער שוואַרצער בעט זיך באַם המון: —
איך האָב קיין זינד באַגאַנגען.
נאָר פאָליציי פאַרשפּעטיקט זיך
און טרעפט דעם שופט געהאַנגען.

איצט לייקנט פאַרמער־פרוי מעק'גי.
(געדאַרפט דעם שנוק איצט האַלטן!)
נאָר וואָס קען טאָן שוין דאָס געזעץ
מיט נעגער־פלייש מיט קאַלטן?!

צעיושעט האָט זיך דער המון,
פון בלוט און פייער שכור.
מיט העק און מעסערס פונם סלופּ
און שטריק געריסן שטיקער . . .

אַ שפּענדל האָלץ, אַ פלעכטל שטריק
פון חגא אָפּצושפּאָרן:
פאַר הויז און היים, פאַר יונג און אַלט;
פאַר קינדער לזכרון.

געהערט האָט אַבנר און איז ווי
אַ שטיין צו דר'ערד געזונקען.
דער שענקער לאַכט: — איז שכור לוט,
און ווינציק וואָס געטרונקען!

יב.

סע שווער צו גלויבן, אַז מען קען
פון תליה־האָלץ זיך מאַכן
קמיעות. און פון פּעטליע־שטריק —
אַנטיקן, צירונג־זאַכן.

נאָר יענער, וואָס האָט דאָס אַליין
געזען מיט זיינע אויגן,
וועט גלויבן, אַז אַ פּעטליע־שטריק
און תליה־האָלץ קען טויגן . . .

און אַז דער צאַרטער פרויען־האַלדז
קען אויך דעם מאַן געפעלן,
אין פּאַטשערקעס פון תליה־האָלץ,
און ברוינע קלאָטשע־קרעלן . . .

נאָר עמוס בראַון האָט ניט געוואוסט
און וועט שוין קיינמאָל וויסן,
אַז מענטשן האָבן פון זיין בוים
די שיינע פרוכט געריסן.

יג.

דאָס איז דער תליה־סלופּ,
פון בלוט און רויך געפאַרבן.
אַף אים האָט עמוס ערשט
געבלוטיקט און — געשטאָרבן.

דאָרט הענגט דאָס רעשטל שטריק
צום סלופּ נאָך אָנגעבונדן.
און דאָ — די סימנים,
די העק און מעסער־וואונדן . . .

דאָס איז דער תליה־בוים.
דאָ זענען די סמנים . . .
און אַבנר האָט געקניט
און צוגעדעקט דאָס פּנים.

און אַבנר האָט געטראַכט,
און ניט געקענט באַנעמען: —
וואָס איז דער תליה־בוים?
וואָס קניט ער, און פאַר וועמען?!

ניט ער — נאָר עמוס קניט
אין שאָטן פון דער תליה,
און לאַכט מיט ווייסע ציין: —
אומזיסט געריסן קריעה!

און אַבנר האָט פון שטויב
זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן,
און צו דער ערד פאַרשעמט
אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יד.

די זון פאַרגייט און בלוטיקט רויט
אַף ברוינע בוימער הוילע.
עס שמעקט מיט האַרבסט, מיט סיפּקער קעלט,
מיט קאָרע, וואָרצלען פוילע.

איין העקער שאַרפט אַ טעמפּע האַק
און רעדט בשעתן שאַרפן:
— מע וועט איר חוץ אַף האַקן וואַלד
אַף עפּעס אַנדערש דאַרפן!

דער טכויר: — צו הויך די שכירות אים!..
צו קנאַפּ די אַרבעט־שעהן!
ער וועט פון דזשאַרדזשיע ברענגען דאָ
אַהערצו „שוואַרצע קראָען״...

אַ צווייטער — קייט און שפּייט און שרייט,
פאַרענדיקט מיט אַ קללה,
און גייט אַריבער אַפן שמועס
פון עמוס בראַונס מפּלה.

ער רעדט וואוילינגעריש אַזוי,
און כיכעט בעתן ריידן: —
געמאַכט אַ קורץ־שניט אַפן וועג
צום נעגערשן גן־עדן.

אַ דריטער טוט אַ הוסט און רעדט
מיט בטול אין די אויגן: —
די האָבן ביז צום הימל אים
כמעט אַרויפגעצויגן...

אַ פערטער רויכערט פויל און פרעגט,
מיט הוזק אַף די ליפּן:
— „סיינט פּיטער״ וועט ניט וויסן ווי
די פּעטליע אויפצוקניפּן!...

אַ פינפטער גאָמבעט קיי־טאַבאַק
און רעדט בשעתן קייען:
— ווי קען אַ האַלדז פאַרשטיקט פון שטריק
גן־עדן הון פאַרדייען?...

אַ זעקסטער קראַצט זיך פויל דעם קאַרק
און רעדט בשעתן קראַצן:

— אַ „קון״, אַז ער דערזעט אַ הון —
קען אים דאָס האַרץ נאָך פּלאַצן!

און אַבנר, — ער שאַרפט אויך זיין האַק,
און טראַכט בשעתן שאַרפן
— ער וועט נאָך היינט, נאָך היינט באַנאַכט
איר דאַרפן, דאַרפן, דאַרפן! . . .

ער שאַרפט און ס׳שפּיגלט זיך זיין אויג
אַן בלויען שטאָל, אַן קאַלטן:
— ער וועט נאָך היינט באַנאַכט מיט איר
אַ קאָפּ אַף צווייען שפּאַלטן!

טו.

די שאַרפע זעג אין האַנט — אַ סמיק,
דער דעמב, אין וואַלד — אַ סטרונע:
אינאיינעם — אַ געזאַנג דער וויג,
דעם כלה־בעט, דער טרונע.

האָ, ס׳איז ניט אין דער שאַרפער זעג,
אין העקער די מניעה,
צי זאָל דער דעמב, דער טויטער, זיין
אַ מאַסט־בוים, צי אַ תליה.

און אַבנר האָט עס שאַרף דערשפּירט,
און אויפגעהערט צו גלויבן . . .
ער האָט די האַק אַראָפּגעלאָזט,
און מער ניט אויפגעהויבן!

# אַ נעגער־יונג אין זאַמד

דאָס פּנים איינגעגנורעט אין דעם פּייכטן זאַמד באַם ברעג פון ים.
דער ברוינער, אַטלעטישער רוקן שימערט אין דער זון.
אין זאַמד אין ווייסן — הויפנס קופּער. בראָנז. טשוגון.

עס גייט דער ים און שלאָגט אָן ברעג זיך אָפּ.
אַנטקעגן ווייסן שוים וואָס זייפט דעם ברוינעם ברעג, —
נאָך שוואַרצער פינצטערט אויף דער אָוואַל־רונדער שעפּסן־קאָפּ,
וואָס דרימלט אָפּן זאַמד אין איינעם פון די הייסע זומערדיקע טעג.

עס מורמלט הינטער אים דער אַלטער ים: —
אַ גרויער זעגל פלאַטערט אין דעם ווינט.
אַ נאַכט. אַ מעשענע לבנה צווישן שטערן זילבערנע.
מיט מאָרדעס צו דעם הימל אויסגעשטרעקט
צעשפּרייט איבערן דעק — אַ סטייע שוואַרצע הינט . . .

זיי וואויען, נאָר די כוואַליעס שלינגען איין דאָס יאָמערן: —
„האָ, גאָט! דערבאַרעם זיך. באַווייז אַ נס, און — העלף!
פון הינט — פאַרוואַנדל אונדז אין וועלף!״

„ניט וואויען זאָל פון אונז הכנעה, פאַרכט,
נאָר זינגען זאָל פון אונטער אונדזער שוואַרצער הויט
דאָס נעגער־בלוט — אַ שרפה אין דער נאַכט,
אַזוי אַז אַלע עקן פון דעם הימל זאָלן ווערן רויט!
די ביינער אונדזערע, זיך בויגנדיק צום כבוד פונם „ווייסן מיסט״,
אַריבערגייען זאָלן אין אַ ווילדן טאַנץ,
וואָס עקט זיך מיט דעם טויט.

„פאַרטרייב די הינטישע הכנעה,
וואָס ליגט באַהאַלטן אין שוואַרצאַפּל פון מיין אויג
וויש אָפּ פון פּנים דאָס פּחדנות, וואָס דערמאָנט,
די הפקר־יונגען, פון דער ווייסער גאַס, אַן בלוטנער צויג.

צינד אָן אין שטאָלענעם שוואַרצאַפּל אַ געלעכטער — טראָציק, הייס און פרעך.
פּאַרזיי אין אונדזער פליש אַזאַ געראָך, אַזאַ געראָך,
וואָס זאָל באַ די מפונקעס, די ווייסע, אין די נאָזלעכער די פּריצישע,
פאַרשמעקן ווי דער ריח פון הייסן פעך".

„פאַרשילט דאָס ווייסע פליש, דאָס האַרן־לייב,
אַז גלוסטן זאָל דאָס גלוסטן צו פאַררויכערט פליש פון נעגער־ווייב.
און קומען זאָל אַ דור מיט קעפּ מיט שעפּסענע, מיט אויגן ציגענע,
און שטעלן זיך פאַר דיר, אַ גאָט!
און זאָגן עדות וועגן שעטנז־בלוט, און שותפותדיקע זינד.
און זיין זאָל שטרענג דיין משפּט און גערעכט: —
די זין און טעכטער פון דעם שותפותדיקן זנות, —
געהערן זאָלן ביז צום סוף פון אַלע דורות צו דעם שוואַרצן קנעכט!"

# פ י ק ע נ י נ י

ע ל א יי ז א  שטייט באַם אויוון.
פאַרנאַכט. דער אויוון ברענט.
עלאייזאַס פנים קופּער,
און בראַנז עלאייזאַס הענט.

אין וויגשטול — פּ י ק ע נ י נ י,
אַ מידע הוידעט זיך.
אין זאַל שפּילט „מ א ס ט ע ר״ פּיאַנאָ
און ליוליעט איין די קיך.

דער פלאַם אין אויוון זילבערט,
די נאַכט אין פענצטער בלויט.
אינמיטן טיש אַ קאַוואַן,
אַ האַלבער, זשאַרעט רויט.

עס שמייכלט פּיקעניני:
זי קען עס ניט פאַרשטיין!
אַ קאַוואַן בייסט ניט קיינעם
און האָט אַ ז וי פ י ל ציין!...

עלאייזאַ לאַכט און ענטפערט:
וואָס פרעגסטו קשיות, קינד? —
קאַרטאָפליעס האָבן אויגן? —
און זעען ד ו ק א בלינד!

נאַ, זע: — ס׳איז קאַלט מיין מעסער,
און שוואַרץ, ווי זינד, מיין הויט?
איך שנייד דעם האַלדז זיך איבער
און ס׳בלוט מיינס — ד ו ק א רויט!

עלאייזאַ כאַפּט דאָס מעסער
און טוט דעם האַלדז אַ שניט! — —
וואָס טוסטו?! מאַמע! מאַמע!
איך וויים... און פרעג שוין ניט...

— אַ חלום, פּיקעניני.
שפּיי אויס דריי מאָל, מיין קינד.
ז׳עך הימל — לויטער אויגן
און דרימלט אויך אַצינד . . .

שלאָף איין, מיין פּיקעניני,
מיין האָניק־גאָלדן קינד.

# באַם מיסיסיפּי־ריווער־ברעג

ער שטייט באַם מוטנעם ברעג פון מיסיסיפּי טייך —
אַ בראָנזענע געשטאַלט אונטער אַ הייסער זון.
די אָרעמס פרענטעס שטאָל, די שולטערן טשוגון.

עס זעגלט מיטן ווינט אַ שיף און אַקערט טיף.
די כמאַרנע וואַסערן אונטער איר באַוול־לאַסט.
צום הימל הייבט זיך ווי אַ תליה אַף דער מאַסט.

געלאָדן ציט די שיף מיט ווייסן באַוול־לאַסט
צום ווייטן, פרעמדן לאַנד, און קערט זיך אום צוריק —
מיט פערל און מיט זייד, מיט ביקסן און מיט שטריק . . .

די זעגלען שימערן. די זון, באַם מערב־ראַנד —
אַ געלע לאַטע מעש . . . דער טייך אַ בעקן צין.
עס ציטערט אויף אַ ליד, עס ווייַנט אַ מאַנדאָלין.

# איזעקל איז אַ מאָרד באַגאַנגען

איזעקל איז אַ מאָרד באַגאַנגען.
איזעקלען האָט מען אויפגעהאַנגען.
איז הענגט ער אין דער זון פאַרשרפהט: —
וואָלט ווער אַ טרונק אים כאָטש דערלאַנגען!

דער קאָפּ איזעקלס הענגט אַ מידער.
דאָס בלוט — ווי בליי אין אַלע גלידער:
ער האָט אַ לייב, אַ ווייס, פאַרפייניקט —
ער וואָלט דאָס לייב געפּייניקט ווידער!

די פּעטליע שטיקט, די פליגן פרעסן —
דאָס הענגען הייבט שוין אָן דערעסן!
נאָר — גוט איז פּאָרט אַזוי צו הענגען,
דערמאָנען זיך און ניט פאַרגעסן:

ווי גוט אין אָטשערעט צו ליגן
און זען דעם טייך פאַררויגט, אַנטשוויגן...
און זען באַם ברעג אירע ווייסע גלידער
אין בלויען וואַסער־שוים זיך וויגן.

ס'איז גוט מיט אייגן בלוט זיך רייצן...
און פילן, אינזיך, פייער פלייצן,
און פילן קיל אין דיינע אָרעמס
איר ווייסן אַטלעס־לייב זיך קנייטשן...

הא, גוט אין וואַלד זיך צו באַהאַלטן!
דו ליגסט... דעם אָטעם איינגעהאַלטן:
עס בילן הינט און פאַקלען פלאַמען...
עס שווען שאָטנס און געשטאַלטן...

הא, גוט צו הענגען אַף דער תליה: —
העט, הויך, — ווערט שאַרפער דיר דייך ראיה: —
די לופט — אַ ים. די וואָלקנס — זעגלען;
דאָס הוידען־זיך — אַ וועלט־נסיעה!

# ז—מיטן פנים צו דער ערד

דער זינגער פון פאָלק
תם מה הוא אומר
דער גלגול
נעמען
די שוועל פון פוסטן הויז
אַזויפיל אומעט
דאָס ליד פון סגי נהור
נאָכן זאַמד־שטורעם
דער שוואַרץ־זעער
פאַרשפּעטיקטע געסט
שטילע נאַכט

# דער זינגער פון פאָלק

עס זינגען זעגלען אַפן ים,  
עס זינגען פאָנען אינם ווינט —  
די לידער האָט דעם שפּינערס האַנט  
אין גרויען פלאַקס אַריינגעשפּינט.

אין אָסיען־רעגן זינגט די שטאָט:  
עס זינגען דעכער, פענצטער, ווענט.  
דאָס איז דאָס ליד פון שווייס און ברויט,  
דאָס ליד פון האָרעפּאַשנע הענט.

עס זינגט דער קוימען אַפן דאַך,  
מיט קנוילן רויך, מיט קודלעס נאַכט —  
דאָס איז דאָס ליד פון שוואַרצן שטויב: —  
דאָס ליכט פון אויג אין בלינדן שאַכט.

איך זינג נאָך האַלבער נאַכט מיין ליד,  
בשעת איר רוט אין מידן שלאָף —  
איך בין מיט אייער צער געבענטשט,  
און מיט מיין אייגן ליד געשטראָפט.

# תם מה הוא אומר

וואָס זאָגט דער תם,
וואָס וויל ער סתם? —
דעם תם איז גאָרנישט קשה.
ער אַקערט, זייט,
ער שפּינט און נייט,
און אַלץ געהערט צום רשע.

וואָס אַרט דעם תם?
וואָס גאַרט דער תם? —
דער תם איז גאָרנישט אויסן!
ער גראָבט און קנעט,
ער בויעט שטעט,
און וואוינט אַליין אינדרויסן...

וואָס הערט דער תם?
וואָס קלערט ער סתם?! —
ס'איז קיינזאַך אים נוגע: —
גאָט פירט די וועלט,
ווי אים געפעלט, —
ווער פרעגט בּאַ אים אַ דעה?

וואָס וואַרט דער תם,
וואָס אַרט אים סתם?! —
דער תם האָט קיין השגה: —
דער מענטש... דער אַף —
אַן ערב־רב.
די וועלט אַ — דור־הפלגה.

גיי וועק דעם תם,
אַנטפּלעק צום תם,
און זאָל ער זען און גאַפן:
מיט בלינדע הענט,
געמויערט ווענט; —
האָט דערפער, שטעט באַשאַפן.

דו ביזט די קראַפט,
וואָס טוט, וואָס שאַפט ;
וואָס פלאַנצט, וואָס פלאַסטערט וועגן ;
וואָס האַלט אין צאַם,
דעם ווינט, דעם ים ;
וואָס זאַמלט אין דעם רעגן.

דו ביזט די האַנט,
וואָס צוימט און שפּאַנט,
די וואַסערן דערנידער.
ביזט פלאַקט, און לייך,
ביזט ברויט, און וויין —
דאָס ליד פון אַלע לידער !

# דער גלגול

האַרבסט.
די זון פאַרגייט.
דער מערב גליט.
אַ צלם אַפן פעלד.
אַ בעטלער קניט
אין שאָטן פון דעם נוצרים פיס.

אַ ציטערדיק געבעט
באַוועגט דעם בעטלערס בלויע ליפ: —
פאַרוואָר. וואָס איז דאָס לעבן מיינס? —
וועד ס'גינט מיר שלעכץ! —
אַ הויפן קלייען אין אַ לעכערדיקער זיפ;
אַן אָפגעניצטע פאַס פון זון און ווינט צעלעכצט —
אַ בינטל קליעפקעס לויז פאַרגאַרטלט מיט אַ רייף —
פאַרגעסן צווישן ברוכוואַרג אַף אַ קופּע מיסט אין הויף.

ער ציט דערביי אַרויס פון בוזעם אַ פאַרשימלטן כזית ברויט,
און דריקט אים אויף אין ברודנעם פויסט,
ווי ער וואָלט דאָרט פאַרמאָגט
אַן אבן־טוב, און זאָגט: —
אָט דאָס צעווערעמטע שטיקל ברויט
האָב איך אַרויסגעריסן באַ אַ הונט, אַ הונגעריקן, פון די ציין.
בשעת איך האָב דאָס ברויט, דאָס וויסטע, צוגעטראָגן צו מיין מויל,
האָט אין מיין אינגעווייד צעוואויעט זיך
דאָס הונגעריקע הינטישע געוויין.

אַ גאַנצע נאַכט געפיבערט האָט דער הונגער אינם בלוט
באַ מיר אונטער דער הויט,
און פון דער טאַרבע, וואָס איז מיין צוקאָפנס מיר באַנאַכט,
געוויינט האָט ביז אין גרויען טאָג אַריין,
דאָס ווערעמדיקע שטיקל ברויט.

איצט האָב איך דאָס געבראַכט צו דיר,
און בעט — באַווייז אַ נס, באַווייז!
און גיב אַ תיקון אים,
און שענק אַ תיקון מיר.

די זון פאַרגייט.
די מידע ברעם פון מערב־הימל ברענט.
דער צלם אַפן פעלד.
דער דאָרן־קראַנץ אַרום דעם נוצרי׳ס קאָפּ.
דאָס ווערעמדיקע שטיקל ברויט.
דעם בעטלערס ברודיקע צוויי אויסגעשטרעקטע הענט —
ווי רויע שטיקער פלייש אַנטקעגן אָוונט־רויט.

די וואונד אַף דעם דערלייזערס האַרץ —
פּלאַצט אויף, ווי אַ פאַרפראָפּטער שפונט,
און וואויעט זיך פאַנאַנדער צו דער אונטערגייענדיקער זון —
דאָס עלנטע געוואוי פון קרעציק־קראַנקן הונט.

# נעמען

מענטש, אַ מענטש!
די ערד, וואָס אונטער דיינע פיס, געהערט צו — וועמען ?!
צו דיר! נאָר דו האָסט זי צעפּאַסעוועט אין גרעניצן;
צעבראָקלט און צעטיילט אַף לענדער, שטעט און דערפער.
און אָנגערופן זיי מיט קלינגענדיקע, יחוסדיקע נעמען,
אַזוי, אַז ער, וואָס איז געבענטשט צו וואָגלען ווי דער ווינט אין פעלד;
וואָס האָט קיין לאַנד, קיין היים; וואָס האָט קיין דור ניט אויפגעשטעלט —
מוז אומעטום, וואוהין ער קומט, דערפילן אַז ער איז
אַ פרעמדער אַף דער וועלט, אַ פרעמדער אַף דער וועלט.

אַ מענטש, אַ מענטש!
אַף אַלע ימים האָסטו דיינע שיפן אויסגעשפּרייט,
די זעגלען אָנגעפילט מיט ווינט, די פאָנען, פאַרביקע — מיט יחוס; —
באַשטימט פאַר זיי די וויטקייטן, און אָנגעצייכנט זיי די וועגן;
באַשוואוירן זייער אָנגעהעריקייט צו לענדער, אינדזלען, ברעגן . . .
נאָר זיי — אויך זיי האָסטו באַגליקט
מיט קלינגענדיקע, יחוסדיקע נעמען,
אַזוי, אַז ער, וואָס וויל אַנטריבן פון דער וועלט;
פון גאָט און לייט, פון זיך אַליין — מחויב איז צו וויסן אַז —
וואוהין ער רייזט; צו וואָסער לאַנד, צו וועלכן ברעג; —
איז ער ווי קין נע־ונד, און ווייסט ניט מחמת וואָס ער פאַרט — צו וועמען ?!

אַ מענטש, אַ מענטש!
הערט וויט הינטערן שטאָט, וואו רו און שלום היט
דעם שלאָף — דעם לעצטן שלאָף פון הויפנס מידע בייגער —
אויך דאָרט האָסטו געטאָן פאַרקינדיקן; באַרימען זיך
מיט דיינע יחוסדיקע, קלינגענדיקע נעמען; —
פאַרצייכנט, איינגעקריצט אין מירמלשטיין, גראַניט און קרעמען,
אַזוי, אַז ער, וואָס האָט קיין קרוב און קיין גואל ניט —
זאָל דאַרפן ליגן זיינע מידע בייגער, זיינע נאַקעטע,
באַם סאַמע גדר פון בית־חיים, לעבן ברייטן שליאַך,
כדי די וועלט זאָל זען זיין שפלקייט, זיין עלנד און זיך שעמען.
מענטש, אַ מענטש!

# די שוועל פון פוסטן הויז

דער גאַנצער טרויער פון אַ פוסטן הויז,
ליגט אויסגעגאָסן אין דער וויסטער שוועל,
וואָס זינקט פון זיך אַליין אַריין אין דר'ערד.
אַזאַ מין שוועל דערמאָנט מיר שטענדיק אין דער ליפּ,
וואָס העטגט אַרונטער באַ אַן אויסגעהאַרעוועטן פערד.

אַזאַ מין שוועל איז שטענדיק אָנגעברוגזט אַף דער וועלט;
איז בייז אַף די פאַרזשאַווערטע זאַוויסעס, אַף דער טיר,
וואָס קרעכצט און הוסט, און קלאָגט זיך פאַרן ווינט: —
הלמאי דער דאַך, דער נבזהדיקער שלעפּער, וואַרפט
די שאָטנס זיינע — שמאַטעס קויטיקע — אַף איר . . .

אַזאַ מין שוועל האָט איבער זיך געהערט
די סמריכעס וויינען אין די רעגנדיקע אָסיען־נעכט.
און אין די ווינטערן, די לאַנגע — נאַכט אַף נאַכט —
פאַרנומען דאָס רחמנותדיקע יאָמערן פון הונגעריקן הונט,
וואָס האָט, ווי זי, געטריי באַם טיר פון הויז געוואַכט . . .

אַזאַ מין שוועל איז דורכגענומען מיט אַ טיפער בענקעניש.
פאַר קינדער נאַקעטע, וואָס קריכן נאָך אַרום אַף דר'ערד, —
איז זי געוועזן אַ הוידעלקע, אַ לייטער און אַן אָנגעזאָטלט פערד.
פאַר מאַמעס, בריות פלייסיקע — אַן אָרט, וואָס גאָט האָט צוגעגרייט
פאַר זיי צו זיצן און צו זיפצן שטילערהייד, בשעת די זון פאַרגייט.
פאַר מאַנסבילן, טאַטעס מיט געדיכטע בערד —
אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, וואָס טרייסט, זאָגט צו,
צום סוף פון טאָג, אַ מאָלצייט און אַ נאַכט פון רו.
ניט זעלטן איז איר אויך געוועזן באַשערט צו זיין די בריק,
וואָס פירט דעם מידן, לעכצנדיק נאָך רו, אין בלויען לאַנד אַריין,
פון וואַנען קיינער קערט זיך שוין ניט אום צוריק.

דער טרויער פון אַ פוסטן הויז איז ניט אין לעכערדיקן דאַך,
צי אין די פענצטער, וואָס די רעגנס האָבן בלינד געמאַכט;
אין קוימען, שוואַרץ ווי אַ ציגיינער אין אַן אָסיענדיקער נאַכט.
איז אויך ניט אין די אויסגעקרימטע האַלב־צעפוילטע טרעפּ, —
און ניט אין די פון ווינט־און־רעגן אויסגעפּאַטשטע ווענט;

די אָפּגעשיילטע לאָדן; דעם צעלייגטן פונדאַמענט.
אפילו ניט אין ווילד־גראָז, וואָס האָט צוגעזען
פון אָנהייב־אָן דעם גזר, די פינצטערע ירידה פון דעם הויז,
און איז געוואָרן, פאַר יסורים, אויסגעצערט און געל —
דער גאַנצער טרויער פון דעם אונטערגאַנג,
ליגט אויסגעגאָסן אַף דער וויסטער שוועל.

עס טרעפט — איר חלומט זיך אַ גוטער חלום אויך. דאָס רוב
פאַרטאָג בשעת די זון, אַ ליכטיק־לויטערע, גייט אויף.
איר חלומט זיך: — די אַלטע קאַץ, די געלע, כאַפּט זיך אויף —
אָן אויסגעוואַרעמטע פון אינדערפריעדיקן שלאָף —
דעם רוקן אויפגעהויקערט, ווי אַן אַלטע רייף,
און דין איז זי אַזוי . . . מע קען אַזש זען,
ווי דורך די ריפּן אירע לייכט זיך דורך די זון. —
די געלע קאַץ — זי לאַשטשעט זיך צו איר,
און איר ווערט וואַרעם, חיותדיק דערפון.

נאָר — נאָך אַזאַ מין חלום ווערט איר אומעטיקער נאָך:
זי הייבט זיך אָן דערמאָנען . . . זי געדענקט,
די יאָרן ווען די חורבה איז אַ הויז געווען.
און טיפער גראָבט זי זיך אַריין נאָך אין דער ערד,
און בענקט.

# אַ ז ו י פ י ל  א ו מ ע ט

אַזויפיל אומעט אין די טונקל־ברוינע אויגן פון דעם האָרעפּאַשנעם פערד! —
ער קען אים אין די ביינער, אינם בלוט באַ זיך אַפּנים ניט דערטראָגן,
איז, שלעפּט ער אים נאָך זיך, ווי שווערע משׂא אָנגעלאָדן אַפן גרויסן וואָגן,
וואָס סקריפּעט, קרעכצט און שניידט זיך איין מיט אַלע רעדער אין דער ערד.

אַזויפיל אונטערטעניקייט, הכנעה אין זיין לייב, זיין קנאָכיק־שווערן טראָט!
אַזויפיל איינגעהאַלטענע יסורים אַף דער מאָרדע; אין דער ציטערדיקער ליפּ,
אַזויפיל איינגעקשנטקייט אין אָנגעשטרענגטן האַלדז; אין אָפּגעהאַקטן כריפּ . . .
מיר דאַכט: ער שלעפּט נאָך זיך דעם גאַנצן עלנט און דאָס דחקות פון דער שטאָט.

באַנאַכט, אין וויסטן שטאַל, ברומט אויף אין אים דאָס גאַנצע איינגעווייד,
בעת ער שטייט און מעלה־גרהט טעמפּ, מיט קראַנקע יאַסלעס,
דאָס פאַרדאַרטע שטרוי.
עס וויינט, אין שלאָף, פון הינטער אים די מידקייט און פאַרגייט
אין פאַרנעם גנאַי, וואָס וועט צומאַרגנס וואַרעמען די ערד,
צעאַקערט שוואַרץ און פריש פאַרזייט.

אַזויפיל פינצטערע סבלנות אינם אָנגעשטייפטן רוקן פון דעם האָרעפּאַשנעם פערד,
אַזויפיל צער, מסירת־נפש אין אַיעדן שניט, אין יעדן קרעץ, אין יעדן קרעל,
וואָס די אכזריותדיקע בייטש האָט אויפגעשריבן,
איינגעקריצט באַ אים אין פעל . . .
מיר דאַכט: ער טראָגט אין זיך דעם גאַנצן אומגליק פון דער שווייגנדיקער ערד.

# דאָס ליד פון סגי־נהור

איך לייג די פינגער אַף מיין שויב,
און פיל דעם אָוונט קומען.
די קילע פייכטקייט האָט מיך שוין
מיט נאַכט אַדורכגענומען.

שוין קען איך דורך מיין בלוט און ביין
די אָוונט־בלויקייט הערן.
און אײדער נאָך די נאַכט קומט אויף —
דערפיל איך שוין די שטערן.

דער שטערן, וואָס באַרירט מיין ברעם,
דעם בליאַסק אַף מיינע נעגל —
באַרירט דעם באַרג, דאָס האַרץ פון ים,
און אַפן ים — דעם זעגל ;

דאָס פוסטע הויז, וואָס קניט באַם ראָוו ;
דעם דאַך פון זאַטן שייער ;
דעם מידן וואַנדערער, אין וועג,
וואָס דרימלט לעבן פייער . . .

די ברוינע זאַנגען אַפן פעלד,
דעם בעטלער היטנטער שמאַטעס ;
דאָס זייג־קינד בײַ דער מאַמעס ברוסט ;
דאָס פנים הינטער גראַטעס.

איך האָב אין פינצטערניש געזוכט
דיין האַנט, און — זי געפונען :
אַ טראָפּן טוי האָט מיך מיט דיר
באַהעפט, צונויפגעשפונען . . .

# נאָכן זאַמד־שטורעם

זאַמד און שטויב און ווינט.

דריי שניטער, דריי אין צאָל.
פֿאַרשניטן ליגט אין טאָל,
פֿאַרוויסט, ווי אָפּגעבּרענט —
אַ דאַך. צעפּאַקטע ווענט.
אַ פּענצטער גרוי ווי שטאָל.
אין פּענצטער הענגט אַ ליכט,
אַ גרויע קוליע פלאַקס;
אַ קאָפּ, צוויי הענט פון וואַקס: —
די בוים, די וויסטע בוים,
מיט אויגן, טריפוואַקס־רויט, —
זי שפינט און שפינט און שפינט —
אַ טאָרבע פאַר דעם מאַן,
תכריכים פאַרן קינד,
ביין איילן יאָרצייט קנויט —

זאַמד און שטויב און ווינט.

# דער שוואַרץ־זעער

פֿאַרטאָג שוין ווייסט ער, אַז די זון
וועט היינט ניט וואַרעמען די וועלט.
און לויט דעם רומאַטיז איך זיינע ביינער פֿילט ער שוין
די שווערע כמאַרעס ; די טומאַנען ; און די עסערדיקע קעלט.

ער איז מבֿטיח : עס וועט מבֿולן גאַנצע דריי מעת־לעת —
אים פֿעלט צום רומל נאָר אַ באַלעבאַטישע לויה היינט,
און ער אַליין זאָל זיין דער מת.

די זון האָט זיך אין מזרח אָנגעצונדן מיט אַ גאָלדענעם פֿלאַם.
צום סוף פֿון וואַרעם־העלן טאָג — געזונקען אין אַ פֿאַרביק־פֿייערדיקן ים.
דער הימל האָט, אַז אויסגעשטערנטער, זיך אָף דער ערד פֿאַרשפּרייט.
און ער, דער אָפּגענאַרטער — אויסגעצויגן ווי אַ מת,
אָף זיין געלעגער ליגט, און זיפֿצט, און ערגערט זיך צום טויט : —
אָפּנים, אַז ס׳איז איינעם ניט באַשערט — געשעט אַ נס, געשעט אַ נס.

# פאַרשפּעטיקטע געסט

(באַם באַנקעט־טיש לכבוד אַ יובילאַר)

איך בין צו דער שמחה געבעטן.
איך בין צו דער שמחה געקומען.
וואו ס'זיצן די הויפּט־מחותנים,
שטייען שטולן פון קיינעם פאַרנומען.

עס הענגען געצונדענע לאָמפּן,
און ליכט ברענען לויטער ווי שטערן.
אויבנאָן שטייען לייכטער, און ס'שטעקן
נישט־געצונדענע ליכט אין די רערן.

— ווער דאַרף דאָ די ליידיקע שטולן,
אַז קיינער אַף זיי וועט ניט זיצן?
און וואָס דאַרף מען האָבן די לייכטער
און ליכט, אַז מע וועט זיי ניט ניצן?

— אָ, אורח: די שטולן האָט קיינער
בכיוון באַם טיש ניט פאַרנומען.
די ליכט און די לייכטער — זיי וואַרטן:
פאַרשפּעטיקטע געסט דאַרפן קומען.

דאָס לאַנד זייערס ליגט אויס דער גרעניץ,
אין טאָל אונטער בלויע טומאַנען.
איינער רופט דאָס — דאָס לאַנד פון פאַרגעסן,
און דער צווייטער—דאָס לאַנד פון דערמאָנען.

אַ דריטער דאָס לאַנד פון בטחון,
אַ פערטער — דאָס לאַנד פון געוואַרטן.
איך רוף דאָס — דאָס לאַנד פון די ווייטע.
און אַף ווייטע — אַ חוב איז צו וואַרטן.

# שטילע נאַכט

די נאַכט, זי קוקט אַרונטער
מיט הונדערט טויזנט אויגן: —
דער ים האָט פיש און פערל,
די ברעגן — זאַמד און רויגן.

אין ים אַ פישער־זעגל,
פאַרשנייט פון דער לבֿנה: —
די נאַכט איז פול מיט שטערן,
די שטילקייט — מיט סכּנה.

דאָס ווינטל ציט דעם זעגל,
דער פישער־מאַן — די נעצן: —
דער ים האָט פיש און פערל,
און איך דאַרף ס'העמד פאַרזעצן! . . .

די נאַכט האָט שלאָף און שטערן,
דער ים־ברעג — זאַמד און רויגן,
און קליינע פישער־שטיבלעך,
מיט פענצטער . . . טריבע אויגן . . .

## ח—גאָלדענער מערב

מאָהאַווע
גאָטס גאָב
וואָס וויינט דער רעגן
ווינטער אין די סט. בערנאַרדינער בערג
בערג ווי גרינע פּאַוועס
די זון גייט אונטער
ווי אַ תפלה

# מאָהאַווע

מאָהאַווע!
וואָס האָסטו דיינע דורשט־פאַרברענטע ליפּן קעגן הימל אָנגעשטעלט? —
עס גייען כמאַרעס אַף דער וועלט!
די כמאַרעס טראָגן פולע אייטערס — טייבן פרישע קעלט!
מאָהאַווע, פרישע קעלט!

עס רעגנט אין די איינזאַמע סיערא־בערג, מאָהאַווע.
דער רעגן פאַלט ווי בלויע רייז אַף ווייסע כלה־שלייערן.
דו הערסט ווי וואַסער־קוואַלן רוישן דורך די שטיינערדיקע ריפּן פון די בערג?
אַ טייך — אַ גרינלעך־ווייסער שוימיק־שטילער שלייער־שלעפּ
צעשאָטן שפּרייט זיך אַפן רוקן פון דעם טונקלען טאָל.
דו הערסט, מאָהאַווע? — — —
אַ שאָטן פון אַ ווייטן ווידער־קול:
עס רעגנט אין די בערג!
עס רעגנט אין די בערג!

מאָהאַווע, הער!
די בלויע סאַיקעס שרייען צו דעם ווינט.
די נאָדלביימער זינגען אונטערן רעגן־גוס.
די איינזאַמע קאַיאָטן וואָיען, ווי פאַרליבטע הינט:
עס רעגנט אין די בערג, מאָהאַווע,
עס רעגנט אין די בערג!
און דו, מאָהאַווע, דריקסט אומזיסט
די שטעכעדיקע קאַקטוסן צו דיינע אויסגעגנאָגטע בריסט;
דו וויגסט אומניישט, מאָהאַווע, דיינע אויסגעקוואַרטע מדבר־ביימער אין דיין שויס;
זיי שלומערן דעם שלאָף, וואָס גרעניצט זיך מיט טויט.
אָ, הער, מאָהאַווע, הער,
ווי דיינע דראָסלען—ראַצן הונגעריקע—וויינען אונטער דיין מצורע־ווייסער הויט.
זיי וויינען, דיינע דראָסלען, מיט אַ שטום געוויין און גייען שטומע אויס.

מאָהאַווע, זעסט?!
אַרום דעם ליכטיקן באַרג וויטני־קאָפּ,
אַ ווייסע זאַווערוכע וויקלט אויף אַ זילבערנעם טורבאַן;
אַ ליכט־זייל פון געלייטערטן קרישטאָל, וועט אויפגיין פון דעם פּראָסטיקן טומאַן.

באַרג וועיטני כשופט ווען עס קומט די צייט.
פון זיינע אַקסלען — אַלעבאַסטער טרעפּ —
צעשיטן זיך די טייכן, ווי צעקעמטע זילבער־ווייסע צעפּ.
דו הערסט זיי רוישן, אָבער — ווייט פון דיינע ראַנדן, ווייט!

מאַהאַווע,
איך זע דעם ים אין שטורעמדיקע טעג, אין בעפּלדיקע נעכט.
ער פאַלט אויף שיפן אָן; צעשטערט זיי און צעבּרעכט.
זיין אומגעצוימטער כח איז וואונדערלעך און שיין.
איז גערעכט און — פאַלש. ער שרעקט און — ציט.
נאָר מורא האָבן פאַר זיין גבורה — האָב איך ניט!

נאָר דו, מאַהאַווע, וואַרפסט אַף מיר אַן אימה אָן:
די שטומעניש אַף דיינע גרויע ליפּן,
די מרה־שחורה אַף דיין שטיינערדיק געזיכט,
מיר דאַכט, וועט זיך אַמאָל פאַנאַנדערשרייען,
וואולקאַניש ווילד און אומגעריכט,
און הימלען וועלן זיך, ווי דעכער שטרויענע,
פאַנאַנדערפלאַקערן. די ערד, וואָס אונטער מיינע טריט,
וועט פלאַצן ווי אַן אָנגעצויגענער געשוויר. —
מאַהאַווע, וואַרפסט אַן אימה אָן אַף מיר,
אַן אימה אָן אַף מיר!

# גאָטס גאָב

זיבן ווייסע זונען האָבן אויסגעברענט.
אַף זיין שטיינערדיקן רייטפערד זיצט
דער שטיינערדיקער קריגס־מאַן פון דעם פרייען־לאַנד
אויפגעהויבן צו דעם ווייסן הימל זיינע ברויגע הענט:

„אַף דעם שטיינערדיקן פנים פון דער שטאָט,
לאָז די בלויע רעגנס דיינע פאַלן — גאָט!"

אַ בליק.
אַ דונער און —
אַ שטערן־בלויער רעגן־שפריץ . . .
אַ רעגנבויגן און —
געקומען איז אַ בלודנע טויב —
אַ מידע, ווי די שטאָט,
אַ ווייסע, ווי די היץ,
און דורשטיק, ווי די זיבן זונען,
וועלכע האָבן אויסגעברענט —
געטרונקען פונם קריגערס שטיינערדיקע הענט.

# וואָס ווײנט דער רעגן?

וואָס ווײנט דער רעגן הינטער מײַנע פֿענצטער אין דער נאַכט?
— אַ גרויע כמאַרע האָט אים פֿון די בערג, די ווײַס־פֿאַרווינטערטע, געבראַכט.
פֿון פֿעלזן בלוי־געשלײַערטע האָט אים דער ווינט
צו מיר אין טאָל אַרײַן פֿאַרקערט.
דאָרט בליאַסקעט אינדערהויך אַ ווײַסע ווינטער־רו.
און אים איז יענע רו פֿון ווײַסן כּשוף ניט באַשערט.

איז — ווײנט אין אים דער טונקל־גרינער שאָטן פֿון דעם נאָדלבוים;
דאָס ליכט פֿון שטערן, אויסגעלײַטערטע אין רוים;
די טריף־טראָפּ טריט פֿון ווײַסע קראָליקעס אין בלויען שניי;
דאָס ווײַטע ווידער־קול פֿון קאַיאָטס אײַנזאַמען געשריי;
דאָס שלוכצן פֿון אַ לויפֿנדיקן וואַסער, דורך די ריפּן פֿון אַ שטײן —
מײַן בענקעניש נאָך בלויער רו — איז זײַן געוויין.

# ווינטער אין די סאַן בערנאַדינער בערג

ווייסע בערג אין אונטן,
שאָטנדיקע שטייען,
שטערן, שניי און שימער —
באַלד, מיר דאַכט, וועט שנייען.

גרינע נאָדלביימער,
שטייען שטום און הערן: —
ס׳פּיילט דער פראָסט, דער בלויער —
שניייעלעך, און שטערן.

ווייטע, ווייסע וואָלקנס,
שטילקייט . . . שימער . . . דרימל. —
זילבערנע צוויי הערנער
טויכן אויף אין הימל!

— וואָס באַטייט דער צייכן?!
— רואיק, אָן סכנה!
ס׳איז אַ הירש, און — אפשר
איז דאָס די לבנה?

# בערג, ווי גרינע פאַוועס

אַ שורה גרינע פאַוועס,
מיט זילבער־ווייסע קעפּ,
אין רויטלעניש פון אָוונט,
אַף מיינע בלויע טרעפּ.

— ווער האָט אייך גרין געפאַרבן?
די קעפּ אייך ווייס געמאַכט?
— עס האָט באַטאָג גערעגנט.
עס האָט געשנייט באַנאַכט.

עס האָט באַטאָג גערעגנט,
און ווייסע וואָלקנס גייען.
דער מערב ציִנדט זיך אונטער,
און באַלד, מיר דאַכט, וועט שנייען.

# די זון גייט אונטער

אַ גאָלדענע פּאַווע באַם מערב־ראַנד־ים.
בלוי־זילבערנע זעגלען אין רויז־רויטן פלאַם.

די פּאַווע איז אַריבערגעפלויגן דעם ראַנד.
די זעגלען פאַרצערט האָט דער רויז־רויטער בראַנד.

אַ גרין־גרויער שפּינוועבס הענגט דורכזיכטיק־דין.
עס ציטערט אַ שטערן — אַ זילבערנע שפּין . . .

די מידקייט שלאָפט איין און דער אומעט דערוואַכט —
עס וועבט צווישן מיר און דער וועלט זיך די נאַכט.

# ווי אַ תפלה

שעהן מיינע מידע;
הינקענדיקע בעטלער נאָך אַ רעשיקן יריד.
שעהן מיינע טריבע;
שמעטערלינגען, נאָך אַ טאָג, אַ רעגנדיקן, מיד: —
גאָלד־געצונדן ברענען מיינע אָונט־בלויע שויבן.
מיט דעם אָונט־שטערן אויפגיין זאָל מיין ליד.

הייב די ריגלען אויף פון טויער.
נעם אַראָפּ דעם שלאָס פון טיר.
קום, באַפריי פון שטייג מיין טרויער,
און פאַרבעט די פרייד צו מיר.

מיט אַ האַרץ אַן אויסגעלייטערטס,
מיט אַ ליכטיק־גרינג געמיט,
ווי אַ תפלה, וויל איך זינגען,
לעבן מיינס, צו דיר, מיין ליד!